ס. פשיבישעווסקי

# פונ'ם אבגרונד

(DE. PROFUNDIS)

איבערזעצט פון

מארק שוויד.



ארויסגעגעבען פון

MAX JANKOVITZ

139 DIVISION ST., N. Y.

49

1.

א מיעדער און כמעט ווי א צובראכענער איז ער געגאנגען אהיים. ער האט געציטערט פון קעלט, נים קוקענדיג אויף דעם וואס עס איז געווען זעהר היים.

איצט וועט ער שוין מסתמא אינגאנצען קראנק ווערען. ער האט געפיהלט א שוואכקייט און א וועהטאג אין יעדען טהייל פון זיין קערפער, און דאס איז איהם געווען זעהר אונאנגענעהם, בע־זונדערם דא, אין דער פרעמדער שטאדט.

ער איז האסטיג געגאנגען איבער דער גאס. אהיים...

א קאלטער שוויים איז איהם ארויסגעטראטען אויף'ן שטערען: אנ'אונאנגענעהמע, פייכטע ווארימקייט איז זיך צוקראכען אויף זיין קערפער; אין האלז האט איהם וועה געטהון, גליך אימיצער וואלט איהם דארט געשטאכען מיט שפילקעס. דער שרעק האט זיך אלץ טיעפער צוגאסען אין זיין בלוט. ער איז געלאפען.

אין צימער האט ער זיך אנידערגעווארפען אויף'ן בעט.

דאס הארץ האט איהם שטארק געקלאפט. ער האט געפיהלט געהערט, ווי זיינע דינסטע אדערען קלאפען, ווי זיי ציטערען, ווי זיי צושפרייטען זיך און פילען זיך אן מיט בלוט. איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז אט־אט קענען זיי פלאצען, אויב דאס בלוט זאל זיך אזוי אנדרענגען כסדר. ער האט זיך פארזיכטיג אויפגעזעצט אויף'ן בעט און האט זיך לאנגזאם אויסגעגלייכט: נאך ערגער. ער האט צוגערוקט די קישענס צו דער וואנד, זיך נעלעגט, צוגעדריקט דעם שטערען צו דער קאלטער וואנד און זיך גענומען איינהערען אין דער וואהנזיניגקייט פון זיין פיבער. לאנגזאם איז אלץ אין איהם שטיל געווארען. דאס בלוט האט א גאס געטהאן צום האר־צען. ער האט אבגעהוסט פריי, אהן וועהטאג.

ער האט געווארט — אט וועט ער ווידער בעקומען אנ'אטאק.

ניין! דאס הארץ האט געקלאפט כמעט רוהיג. נאר די הענד, — די הייסע, פייכטע הענד...

מאדנע: יעדעס מאל, ווען ער האט זיך צושיידט מיט זיין

פרוי, האבען זיך ביי איהם רעגעלמעסיג בעוויזען אט די קרענק־ליכע ערשיינונגען. אך! זי האט יעצט בעדארפט זיין מיט איהם: ווען ער זאל נאר האלטען איהרע הענד אין זיינע, וואלט שוין אלץ פארביי. ער וואלט איינגעשלאפען, אהן צווייפעל איינגעשלא־פען — באלד!

און עס האט איהם ווידער צוגעטראטען. דער קערפער האט געציטערט, עפעס האט איהם געווארגען אין האלז, די הענד האבען זיך ציטעריג צונויפגעדריקט.

א קרענקליכע בענקשאפט. נאך איהרע הענד, א קרענקליכע גיעריגקייט — צוצודריקען איהר קערפער צו זיך, אנידערלייגע־דעם קאפ אויף איהר ברוסט: ער האט אזוי דייטליך געפיהלט ווי איהר האנד גליטשט זיך מיט א לייכטען ציטער איבער זיין קערפער. דאס געפיהל איז געוועזען אזוי שטארק, אזוי ווי אין א חלום מיט אפענע אויגען. ער האט געקענט אונטערשיידען אלע פיינסטע שאטירונגען פון די געפיהלען, וועלכע ער האט דורכגע־לעבט ביי א ווירקליכער בעריהרונג מיט איהר.

און די בענקשאפט איז געוואקסען — און האט זיך צובליהט אין א ווילדע בלום.

א קראנקער פערלאנג האט צונויפגעקורטשעט זיינע פינגער און געטרייסעלט זיינע נערווען. ער האט זיך צונויפגעדרעהט אין א קנויל, גלייך ער וואלט געוואלט אוועקגעהן אין זיין אייגענעם קערפער אריין. דאס הארץ האט געקלאפט ווי א דערשראקענער פויגעל, און די שרעק און פערצווייפלונג האבען זיך אלץ פארגרע־סערט און פארשטארקערט. ער האט געפיהלט ווי דאס בלוט פיהלט אן אלע אדערען און צורייסט זיי.

מיט ציטערדיגע הענד האט ער גענומען זוכען שוועבעלעך, ער האט געמאכט ליכטיג אין צימער און איז לאנג געשטאנען אהן בע־וועגונג.

נאר, צוליעב אלעם הייליגען, נאר נישט אונטערגעבען זיך אט דער פיין!

ער איז געגאנגען איבער'ן צימער, האט פארדרויכערט א פא־פיראס און פארגעסען וועגען אלץ...

פלוצלונג:

יא, דער בריעף, דער בריעף...

ער האט צוריסען דעם קאנווערט, אבער די בוכשטאבען האבען געטאנצט פאר זיינע אויגען; ער האט לאנג געקוקט אויף די שווארצע בוכשטאבען; ענדליך האט ער צונויפגענומען די גאנצע קראפט פון זיין ווילען און האט זיך געצוואונגען צו לעזען.

ער האט געלעזען לאנג. די בוכשטאבען זיינען אזוי מאדנע לעבעדיג. גלייך ער וואלט געהערט איהר שטימע, נאר די שטימע האט עפעס אנגענומען א נייע פארם:

„מיין טהייערער, מיין איינציגער! דו!... דו!..“

—עס איז שוין פארביי א גאנצע וואך זינט דו ביזט אוועקגעפאהרען.

— האסטו זיך געזעהען מיט דער מאמען? דו בעגעגענסט דיך אפט מיט אנא'ן? אמת? איהר איז, מסתמא, שווער שטענדיג צו זיין די פערמיטלערין צווישען דיר און דער מוטער. אך, איך האב זי אזוי ליעב, איך האב זי ליעב, כמעט אזוי ווי דיך, און איך טראכט אזוי אפט וועגען איהר ליעבע צו דיר. איהר ליעבע איז אזא מאדנע. זי האט דיך ליעב נישט ווי א שוועסטער. איך האב קיינמאל אזוינס נישט געזעהען צווישען אייגענע.

— זענט איהר אפט צוזאמען?

און מארגען ווערט שוין צוויי יאהר פון אונזער חתונה! גיב נאר א טראכט — צוויי יאהר! דו האסט, זעהט אויס, פארגעסען וועגען דעם נעכטיגען טאג? אבער איך וועל דאך געוויס מארגען דערהאלטען פון דיר א לאנגען, גוטען בריעף... אדער—אדער... איך וואג אפילו נישט צו האפען אויף דעם, — אבער, קען זיין, אז דו וועסט אליין קומען צופאהרען?...

ניין! ניין! בעסער בלייב.. מיר ווייזט זיך אויס, אז דיר איז דארטען גוט, און דער געדאנק מאכט מיך גליקליך. דו האסט אזוי פיעל געארבייט די גאנצע צייט; איצט דארפסטו אביסעל אברוהען, אבעטהעמען מיט נייער לופט.

נאר ווען דו זאלסט קומען צופאהרען! אך, ווי גליקליך איך וואלט געוועזען. איך האב דיך אזוי ליעב. דו!... מיינער!...

דו ביזט דאך געזונד, אמת? טא בלייב זשע בעסער אויף נאך עטליכע טעג, בלייב, טהייערער.

אבער דו ווייסט? טהיילמאל בין איך אייפערזיכטיג אויף אגא'ן; טהיילמאל האב איך מורא, אז דו האסט זי ליעב מעהר פון מיר. אבער דאס זענען דאך נארישקייטען, נישט וואהר? קוש זי טויזענד מאל און זאג איהר, אז איך האב זי ליעב, אז זי איז — מיין איינציגער פריינד.

זיי געזונד, טהייערער! — צום ווידערזעהען."

ער האט ווידער גענומען לעזען דעם בריעף פון סאמע אנ־הויב.

„זי האט דיך ליעב נישט ווי א שוועסטער."

א העל ליכט האט איהם דורכגעשטאכען די נשמה. ער האט פלוצלונג דערזעהען אגא'ן, דא נעבען זיך. דאס שווארצע זיידענע קלייד האט זיך צוגעדריקט צו'ן איהר שלאנקער, צארטער פיגור. ער האט געפיהלט דורכ'ן קלייד איהרע פיינע צארטע פארמען.

ער איז געגאנגען איבער'ן צימער, ציטערענדיג פון שרעק.

זי איז נישט אוועק. ער האט זי נאך אלץ געזעהען, דא, נע־בען זיך. ער האט זי אויסגעטהאן מיט די אויגען, האט זיך אנגע־זעטיגט און איז פער'שכור'ט געווארען מיט איהר שעהנקייט. און פלוצלונג האט ער נעגלוסט צו'ן איהר, מיט א וואהנזיניגער, וויל־דער ליידענשאפט.

דער מח האט זיך איהם פארטונקעלט פון הייסען פערלאנג.

אבער אגא — איז דאך מיין שוועסטער! — האט אין איהם די שרעק און פערצווייפלונג געשריגען.

פלוצלונג האט ער דערהערט איהר שטימע.

ער האט איצט פארשטאנען אלץ, אין וואס ער וואלט זיך אליין נישט געקענט מודה זיין מיט דריי שעה צוריק.

„זי האט דיך ליעב נישט ווי א שוועסטער."

די ווערטער האבען זיך אלץ טיעפער אריינגעשרויפט אין זיין נשמה. אזוי ווי א קליינער פונק וואלט אריינגעפאלען אויפ'ן דעק פון זיין נשמה, האט אין איהר אנגעצונדען א פייער און איצטער בושעוועט שוין דארטען א שריפה.

„ווען דו ביזט צום לעצטען מאל אוועקגעפאהרען קיין אויס־לאנד, האב איך געמיינט, אז איך וועל פון זינען אראב..." ווען זי האט די ווערטער געזאגט, האט ער זיי נארנישט געשענקט קיין

אויפמערקזאמקייט, און נאָר אצינד האָט ער פערשטאַנען זייער בעדייטונג...

ער האָט אָנגעהויבען עפענען די אויגען אלץ ברייטער און ברייטער: דאָס שרעקליכע ליכט האָט איהם בלינד געמאַכט.

דער וואהנזין קומט פון פיבער! גאָט, גאָט, וואָס טהוט מען?

מען דאַרף זיך האַלטען, מען דאַרף זיך היטען מיט אלע כחות, אז דאָס זאָל זיך נישט איבער'חזר'ן נאָכאַמאָל... אנ'אייגענע שוועסטער!... דאָס איז דאָך וואהנזין!

ער האָט זיך צולאַכט מ'ט א וואהנזיניגען געלעכטער. ער האָט געלאַכט אזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך דערשראָקען פאר זיין אייגענעם געלעכטער.

יא, יא... דאָס פיבער מאַכט א גרויסען ערפאָלג. ווי קראַפטלאָז ער איז! מען דאַרף זיך לייגען, אויסציהען זיך, איינהערען זיך אין זיך אליין, דאַמאָלס וועט זיך דאָס הארץ בערוהיגען.

ער האָט זיך אויסגעטהאָן און אנידערגעלעגט די שוועבעלעך נעבען בעט.

— זיי וועלען מיר, װאַרשיינליך, אין גיכען צונויף קומען,— האָט ער א שטילען שמייכעל געטהאָן.

ער האָט פערלאָשען דעם לאָמפּ, אנ'אונערטרעגליכע היץ! די קאָלדרע האָט איהם געדריקט מיט א שרעקליכער שווערקייט: ער האָט זי אראָבגעוואָרפען. פּלוצלונג איז איהם דער מאַרך שוואַך געוואָרען; ער איז פאַרזונקען אין רוה.

אַבגעריסענע געדאַנקען זיינען געשוואומען אין זיין נשמה, און האָבען זיך געוויעגט, אזוי ווי צוריסענע שטיקער וואָלקען נאָך א שטורעם.

און ער האָט געזעהען טויזענדער מאַסען מאַרשירען, געטריבען פון דעם ווילדען עקסטאַז פון צושמערונג, און איבער זיי איז געוועזען דער הימעל וואָס האָט געאָטהעמט מיט פייער און אַנשטעקונג. ער האָט געזעהען ווי די אָרעמע בעשעפענישען האָבען זיך געדרעהט און געדעוועט אין דעם גהינום'דיגען טאַנץ פון לעבען; ער האָט געזעהען פּלייצעס, צוקריפּעלטע, צוריסענע פון ריעמענס און אייזערנע ריטער; ער האָט געזעהען ווי די גאַנצע מענשהייט ווערט וואהנזיניג; ער האָט געזעהען די בעגייסטערטע וואהנזיניג־

קייט אין איהרע ווילד־געוואָרענע אויגען.

ביסלעכווייז האָט זיך דערווייטערט דער מאַרש פון די זינ־דיגע; דאָס ווילדע, פאַרצווייפעלטע רעווען איז פאַרלאָשען געוואָרען אין דעם כריפּען פון גס־סה'דיגען קאַמפּף, און די זון, אַ רויטע, ווי קופּער האָט געוואָרפען אַ גרינעם אבשיין אויפ'ן ים פון בלוט.

— „צו דיר קלאָגען מיר, פאַרטריבענע קינדער פון גאָט.“—
און ער האָט דערהערט אימיצענס בייזען געלעכטער. די גליעדער פון אַ פּרוי האָבען ביסלעכווייז ארומגעוויקעלט זיין קערפּער, קליינע הענד האָבען ארומגענומען זיין האַלז, האָבען איהם פיינליך צונויפּגעדריקט, און צוויי מיידעלשע ברוסטען האָבען זיך מיט אַנ'אַנגעצונדענער היץ איינגעגעסען אין זיין קערפּער. ער האָט קיין אַטהעם נישט געהאַט. איהר אַטהעם האָט דאָך געברענט, איהרע ליפּען האָבען זיך איינגעזויגען מיט אַ זופּ אין זיין מויל; אַזוי ווי אייזען, וואָס איז ביז־ווייס צוגליהט געוואָרען האָט געברענט איהר קערפּער און ער האָט ווידער געהערט, ווי עס דערנעהנטערט זיך דער מאַרש פון די זינדיגע און וואהנזיניגע, ווי דער מאַרש דרעהט זיך און קנוילט זיך, אַזוי ווי אַ צונויפּגעפּלאָנטערטער בונט הענט, פיס און קערפּערס, וועלכע האָבען זיך געביסען און אבגעשטויסען איינס דאָס אנדערע מיט קלעפּ, וועלכע האָבען זיך געשטופּט און געריסען איינס פון דאָס אנדערע און נישט געקענט זיך אבררייסען. דאָס ליעד איז געוואָרען אַ רעווען פון משוגע־געוואָרענע חיות, די פּערצווייפלונג האָט זיך געריסען מיט גהינום'דיגע קולות פון משוגעת און הענד האָבען זיך פאַרבראָכען אין אנגסט פון צושטערונג.

ער האָט געלאַכט און געשריגען און אַלץ שטאַרקער צוגעדריקט איהר קערפּער צו זיך.

ער האָט געפיהלט, ווי עס קלאַפּט איהר האַרץ ביי זיין ברוסט — אַזוי שווער, טעמפּ, ווי אַ צובראָכענער גלאָק.

פּלוצלונג האָט ער דערפיהלט צוויי הערצער, — צוויי הערצער האָבען געטריבען דאָס בלוט אין זיין מאַרך אריין, צוויי הערצער האָבען זיך געריבען איינס אַן דעם אנדערען, זיך מאַכענדיג וואונדען.

....„צו דיר האָפען מיר אין דעם טהאָל פון טרעהרען.“ און אַט

האט זיך אויפגעריסען די פערצווייפלונג, עס האט זיך געעפענט אן אבגרונד פון האס, פון דורשט נאך נקמה, פון פארברעכערישער משוגעת; ער האט געזעהען ווי דאס פערזעהעניש — די מענשהייט האט בעשפיגען דעם הימעל, בעווארפען מיט בלאטע אלעם הייליגע, און זיין ברוסט איז צוריסען געווארען פון הייזעריגען, ווילדען געשריי:

— פארברעכער! פארוואס שטראפסטו אונז, פארברעכער?

און מיט אנ׳אונאויסדריקליכען שרעק האט ער זיך געווארפען אויף איהר, איהר קערפער האט געציטערט, זי האט געריסען מיט די ציין די הויט אויף זיין האלז און האט זיך איינגעגעסען מיט די פינגער אין זיין ברוסט.

אבער ער איז שטארקער געווען. מיט אייזערנע הענד האט ער בעקעמפפט איהר וואהנזין; דער ווילדער שטורעם האט זיך צר קלאפט אן א לאנגען, הייזעריגען קרעכץ.

ער האט נאך געהאלטען איהר קערפער אין זיינע שטארקע ארעמס, אבער דער קערפער איז פלוצלונג געבליבען אין זיינע הענד מאכטלאז און ווילענסלאז. אין זיינע הענד האט געציטערט איהר הארץ, ווי אנ׳אויסגעהענדיג פייער. דער לעצטער ציטער איז אוועק, — און אנ׳אונענדליך שטיל גליק האט זיך צוגאסען אין זיין בלוט.

אבער אט: שטיל און לאנגזאם האט זי זיך ארויסגעגליטשט פון זיינע ארעמס; ער האט זי געוואלט אנכאפען, צוציהען צו זיך, צודריקען, אבער אומזיסט. זי איז פארשוואונדען.

— אגא! — האט ער געשריגען, — אגא!

ער האט זי געזוכט אין שרעקליכער פערצווייפלונג, — פלוצלונג האט ער זיך אנגעקלאפט אן עפעס, איז געפאלען — און געקומען צו זיך.

ער איז געלעגען אויף דער ערד.

דער שרעק האט אבגעשוואכט זיין מח.

— געהט ער, ווירקליך, אראב פון זינען?

צונויפנעמענדיג די לעצטע קרעפטען, האט ער ארויסגעווארפען פון קאפ אלע געדאנקען, מיט פערצווייפלונג זיך גענומען גראבען אין די קופעס עראינערונגען, אבער דער טייוולישער פיבער

האָט זיך ווי א שפּריצעדיגע חוואַליע איבערגעגאָסען אין זיין נשמה: ער האָט אזוי דייטליך געפיהלט א הר הייסען אָטהעם, איה־רע ברענענדיגע ליפּען, איהרע גליהענדיגע ברוסטען. דאָס איז אגאַ... אגאַ׳ס גייסט, אגאַ דער וואַמפּיר!

יאָ, דאָס איז געוועזען זי! זי האָט זיך צוטהיילט אין צוויי. זי איז געוועזען אין דערהיים און איז געווען ביי א הם. ער האָט גע־פיהלט, אז דער שרעק וועט איהם טויטען. ער האָט געוואָלט אָנ־צינדען א ליכט, נאָר זיינע הענד האָבען געציטערט און געשפּרונ־גען, ווי די לעצטע צונגען פון א פייער וואָס האַלט ביים אויסגעהן.

ענדליך איז עס איהם געלונגען.

ער האָט זיך אויף א מינוט בערוהיגט.

און ווי־עדער, ווידער האָט איהם ארומגעכאַפּט א ווילדער פערלאַנג און בענקשאַפט נאָך אגאַ׳ן.

און ווידער, ווידער האָט ער זיך געוואָלט וואַרפען אין די שרעקליכע אבגרונדען און ווירוואַרען פון קרענקליכע אָרגיעס.

מען דאַרף נאָר פאַרלעשען דאָס ליכט, און ער וועט דאָס אַלץ ווידער איבערלעבען.

נאָר דער שרעק האָט צוגעשמיעדט זיין פערלאַנג...

א ים מיט שרעק האָט זיך אבגעשטעלט אין זיין מח: ער וועט דערפאַר בעצאָהלען מיט׳ן לעבען.

ער האָט געכאַפּט עפּעס א בוך. אויף דער ערשטער זייט איז געווען זיין אייגען בילד.

ער האָט א קוק געטהאַן, — דאָס בלוט איז איהם פאַרגלי־ווערט געוואָרען פון שרעק. ער האָט ווידער א קוק געטהאַן די ליניעס זיינען לעבעדיג געוואָרען. דאָס פּנים איז געוואָרען בע־וועגליך, עס איז געוואַקסען. די ליפּען האָבען זיך געעפענט, גלייך אָט־אָט וועלען זיי זאָגען א וואָרט, א לעבעדיג וואָרט...

ער האָט איבערגעמישט עטליכע בלעטלעך און האָט גענומען לעזען הויך. נאָר דאָס קול האָט געקלונגען אין זיינע אויערען ווי דאָס קול פון א פרעמדען מענש, — עס האָט געקלאַפּט אין זיין מח; ער האָט געפיהלט, אז דער א נ ד ע ר ע ר קוקט ארויס פון די בלעטער, אז ער קען יעדע מינוט ארויסקריכען, ארויסוואַקסען

פונ'ם בוך, איינעסעו זיך אין איהם מיט שרעקליכע, בלאנדזשענדיגע אויגען.

דאס גאנצע בוך איז ווי לעבעדיג געווארען, עס האט זיך בע־וועגט אין זיינע הענד; ער האט דאס בוך א שליידער געטהאן אין שרעק, דער אנדערער איז לאנגזאם ארויסגעקראכען פונ'ם בוך; אט אט וועט ער איהם דערזעהען.

אונמאכט האט צונויפגעשמיעדט זיין הארץ. ער איז אנ־דערגעפאלען אויפ'ן בעט און האט מיט וואהנזיניגער פערצווייפ־לונג איבערגע'חזר'ט: דאס איז משוגעת! משוגעת!

און ווידער האט איהם א ריס געטהאן די עראינערונג וועגען דער נאר־וואס איבערגעלעבטער ארגיע.

א קרענקליכער פערלאנג האט איהם גענומען שמייסען, דער קערפער האט זיך אנגעהויבען אונטערגעבען, דער קאפ האט אראב־געהאנגען, דער מארך איז געזונקען אין א מאכטלאזער אבשוואַ־כונג; אבער פלוצלונג איז ער מעכאניש אויפגעשטאנען, האט זיך געגען זיין ווילען און בעוואוסטזיין אנגעטהאן, אזוי ווי אין חלום און איז ארו ס אויף דער גאס.

ער האט זיך אומגעקוקט: ער איז ווירקליך געווען אויף דער גאס. ער האט נישט איינגאנצען פערשטאנען ווי אזוי ער איז אראב־געקומען, אבער ער איז געווען גליקליך, וואס ער האט זיך, ענדליך, דאך ארויסגעריסען פון דעם גיהנום, וואו דער טייוועל האט גע־פראוועט זיין שמחה.

ער האט זיך געזעצט אויף די שטיגען פון עפעס א מאָנומענט, אנשפארענדיג דעם קאפ אויף די הענד און איז אריינגעפאלען אין א פיבערהאפטען האלב־שלאף.

פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען: אימיצער איז געשטאנען פאר איהם.

ער האט א קוק געטהאן אין דעם אונזיכערען, קאלטען ליכט פון די ערשטע פריהמארגען־שטראהלען האט ער דערזעהען א מיי־דעל, — ער האט נאר געזעהען, אז זי איז זעהר בלאס, און אז זי האט גרויסע, ברייט־געעפענטע אויגען. זיי האבען לאנג געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען.

— איך וועל געהן מיט דיר, — האט ער געמורמעלט.

— געה, — זי האָט האַסטיג גענומען געהן פאַראויס.

— געה ניט אַזוי שנעל, געה לאַנגזאַמער. איך בין אַזוי פול מיט אויפרעגונג און שרעק. אַבער דו וועסט האַלטען מיינע הענד און איך וועל גלייך איינשלאָפען... איך בין נישט אַזעלכער, ווי אַנ־דערע מענער, — האָט ער צוגעגעבען אַ ווײַלע שפּעטער.

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט פערוואונדערונג.

פּלוצלונג האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט.

—אַבער דו ביזט דאָך נאָך אַ קינד, — ער האָט געקוקט אויף איהר לאַנג און אַנגעשטרענגט, — איך וואָלט דיך געקענט נעמען אויף די הענד און אהיים טראָגען. דו געהסט אַזוי לייכט, אַז איך הער נישט דיינע טריט...

— געה, געה; ס'איז נאָך זעהר ווייט.

— ווייט? און איך געה קוים...

— גיב דיין האַנד. אַזוי...

— דו וועסט האַלטען מיינע הענד אין דיינע פעסט, אַפילו ווען דו וועסט איינשלאָפען, גוט?

— גוט, גוט...

— ס'איז נאָך ווייט?

— באַלד, באַלד!

זיי זיינען לאַנג געגאַנגען, שווייגענדיג.

— דאָ, — האָט זי אַ שעפּטשע געטהאָן.

— דאָ?

זיי זיינען אַרויף אויף די שטיגען.

— געה, געה, — זי האָט אַ קוש געטהאָן — מיר זיינען ביי־דע אַזוי שרעקליך מיעד... אַזוי שרעקליך מיעד; איך וועל שלאָפען מיט דיר און האַלטען דיינע הענד.

ער האָט זיך געלייגט און זי אַרומגענומען, ווי אַ קינד.

זי האָט אַרומגעכאַחט מיט די הענד זיין האַלז.

— אַזוי וועסטו מיך פיהלען שטאַרקער, — האָט זי ערנסט געזאָגט.

— ווער ביזטו? — האָט ער שטיל געפרעגט.

זי האָט נישט געענטפערט.

ער איז איינגעשלאָפען מיט אַ שטיינערנעם שלאָף.

## 2.

זיי זיינען געזעסען אויף דער וועראנדע פון א קאפע.

עס איז געווען שפעט נאכמיטאג. די הייזער האבען געוואר־פען שווערע, שארפע שאטענס. די געדייכטע בלעטער פון די בוי־מער האבען געגלאנצט מיט פורפורנע פלעגען. אין דערווייטענס שטעהט א בוים, וואס זיינע בלעטער זיינען שוין אינגאנצען געל. און ווען ער האט אראבגעקוקט, האט דארט געפלאקערט א גאנ־צער רעגענבויגען אונרוהיגע, פיבערהאפטע פארבען פון א קרענק־ליכען, כמעט שווארצען פורפור ביז א בלייכען, געל־רויטען טאן. ער האט געקוקט אויף דער נסיסה פון דער נאטור און האט אויפ־מערקזאם בעמערקט די קלענסטע שאטירונגען אין די פארבען פון די בלעטער.

— נו, פארוואסזשע זאגסטו נישט קיין איינציג ווארט? מיר וועלען אזוי זיצען די גאנצע צייט?

אגא איז געווען זעהר אויפגערעגט.

ער האט א קוק געטהאן אויף איהר און א מאדנעם שמייכעל געטהאן.

— פארוואס קוקסטו אויף מיר אזוי? — האט זי געפרעגט מיט כעס. זיי האבען לאנג געקוקט איינער אויפ׳ן אנדערען. פלוצ־לונג איז זי רויט געווארען און האט אראבגעלאזט די אויגען.

— דו האסט נאך אויף מיר קיינמאל נישט געקוקט אזוי— אזוי מאדנע... — האט זי שטיל א זאג געטהאן.

ער האט זיך צוגערוקט צו איהר.

— יא, אגא — איך האב נאך קיינמאל אזוי ניט געקוקט אויף דיר. אבער נעכטען ביזטו פאר מיר נישט געוועזען דאס וואס דו ביזט היינט. איך האב דיך ביז איצט נישט געקענט.

זי האט געווארפען א שארפען בליק אויף איהם.

— היינט קוק איך אויף דיר, נישט אזוי ווי נעכטען, — ער האט געשוויגען א ווייל... — פארוואס שוויינ איך? דערפאר, ווייל איך וויל דיר נישט זאגען עפעס שרעקליכעס.

זי האט אנגעבויגען דעם קאפ און אויף איהם א שטרענגען בליק געטהאן.

— אבער איך ווארט דאך שוין גאנצע יאהרען אויף דעם וואס

דו רופסט אַן שרעקליך. דאס גאנצע לעבען ווארט איך און דורשט דאָס צו הערען פון דיר. זאָג זשע שוין ענדליך! — ער האָט זיך איינגעגעסען אין איהר מיט די אויגען. זי האָט אויסגעמיעדען זיין בליק.

— איך רעד שרעקליך ערנסט, אגא. קען זיין, אז איך וועל קיינמאָל אין לעבען נישט זיין אזוי ערנסט.

—ווירקליך? —אבער פארוואס זאָלסטו נישט זיין ערנסט? ער האָט א בייזען שמייכעל געטהאָן.

— חע, חע, — דו ביזט נייגעריג, דו ווילסט ביי מיר עפּעס ארויסקריעגען... אבער ווייסטו דען ווירקליך ניט, וואס איך וויל דיר זאגען? פיהלסטו דאס נישט?

זי האָט געשוויגען.

— דו פיהלסט נישט? — ער האָט פּלוצלונג א ציטער גע־טהאָן.

זיי האָבען געשוויגען.

— טרינק זשע, — האָט זי זיך קורץ צולאכט. — פארוואָס טרינקסטו נישט? הא?... דיך פּייניגט, מן הסתם, ווידער פיע־בער?

אָרעמער!

ער האָט מיט אמאָל אריינגעגאסען אין זיך דאס גלעזעל. ער האָט אלץ שטארקער געציטערט.

— נו זאָג זשע מיר שוין, ענדליך, דאָס שרעקליכע... זעהסטו דען נישט, אז איך שטארב אוים נייגעריגקייט?

— זאגען?... זאגען?...

— פארוואָס זאָלסטו שווייגען. נו, טרינק, טרינק, — ביי דיר זיינען די אָדערען ארויסגעטראָטען אויפ'ן שטערען, גלייך זיי וואָל־טען געוואָלט די הויט צורייסען.

— אגא, געדענקסטו יענע שרעקליכע נאכט, דאמאָלס...

זי האָט א ציטער געטהאָן.

— געדענקסט?

— ניין.

— אה, אה, — דו געדענקסט דאָס זעהר גוט. צוועלף יאָהר טראכסטו וועגען דעם אָהן אויפהער. פארוואָס זאגסטו ליגען?

חע, חע... דו ביזט אלט געווען א יאהר צוועלף, דרייצעהן — א יא? דו האסט מורא געהאט פאר א שטורעם און ביזט געקומען צו לויפען צו מיר אין בעט אריין; איך האב דיר בעדארפט דערצעהלען מעשה׳לעך...

זי האט זיך געצוואונגען צו לאכען.

— און איך האב דיר דערצעהלט א גאנצע נאכט. און איך האב מיך געפייניגט אויסטראכטענדיג נייע מעשה׳לעך.

איהרע פינגער האבען געבלאנדזשעט מיט א נערוועזער אונרוהיגקייט איבער דעם מארמארנעם דעק פון טישעל.

— א רעגען פון בליץ און פייער האט געגאסען פון הימעל. און יעדעס מאל, ווען דער הימעל האט זיך געעפענט, און דאס צימער איז בעלויכטען געווארען מיט א גרינעם ליכט, האבען מיר זיך דורכגע׳צלמ׳ט אין שרעק: — און דאס ווארט איז פארווירקליכט געווארען... חע, חע, דו געדענקסט דאס נישט?...

און דער ריטער איז געפאהרען אויף א שווארצען פערד, און דאס פערד האט געהאט גאלדענע פאדקאוועס... ווידער האט געשטורעמט פון הימעל און א בלוטיג פייער האט איהם צוריסען: און דאס ווארט איז פארווירקליכט געווארען, און דער ריטער איז צוגעפאהרען צום פאר׳כשופ׳טען בארג, וועלכען דער שרעקליכער ריעז האט געהיט.. און דאס ווארט... דו געדענקסט?... אזוי איז געווען א גאנצע נאכט און פלוצלונג: א שרעקליכער דונער, א קנאל, און א קרעכץ, — דאס איז א דונער אריין אין דעם טאפאל, וואס איז געשטאנען פאר אונזער הויז. דו האסט דיך געווארפען צו מיר אויף דער ברוסט און זיך צוגעדריקט אין שרעק... איך פיהל נאך ביז איצט, ווי שטארק דיינע דארע הענטלעך האבען מיך ארומגענומען, איך פיהל נאך דיין אנגעצונדענעם קערפער... דו האסט אויך געהאט פיעבער. דיך האט שטענדיג געפיבערט.

זי האט נידריג אראבגעלאזט דעם קאפ. ער האט איהר פנים נישט געקענט זעהען. איהר הוט האט עס פארשטעלט.

— ני, טרינק, טרינק, — האט ער געזאגט מיט א געהיימען שמייכעל. — אויף דיין געזונד, אגא!

— חע, חע, דו טרינקסט, ווי אנ׳אמת׳ע שיכור׳ע באבע. דאס האב איך דיך אויסגעלערנט. דו האסט אליז געטהאן, אגא,

אום מיר צו געפעלען. אך, ווי דו האסט מיך דאמאלס געליעבט. און איצט, אנא! איצט? — עס האט איהם פערכאפט דעם אטהעם.

זי האט געשוויגען.

— און איצט? — האט ער זי געבעטען.

— און אט איז דאס גאנצע שרעקליכע מיט וועלכען דו האסט מיר געדראהט? — זי האט גערעדט כמעט מיט פעראכטונג.

ער האט זיך הויך צולאכט.

— און דו ביזט שנעל געקומען צו זיך. און אנהויב האסטו געציטערט פון אויפרעגונג. איך זעה נאך אצינד, ווי עס ציטערען דיינע הענד, ווי עס ברענען די רויטע פלעקען אויף דיין פנים.

זי האט אויף איהם א קוק געטהאן מיט בייזע אויגען. ער האט איהר געענטפערט מיט א ציניש[ע]ן שמייכעל.

— אה, ניין, טהייערע. דאס איז נאך נישט אלץ... אך, ווי אויפמערקזאם דו הערסט דאס אלץ אוים... איך האב מיך אויפ־געכאפט פארטאג. איך האב נישט געקענט שלאפען. איך האב מיך פארזיכטיג בעפרייט פון דיינע ארעמס. דו ביזט אנטשלאפען גע־ווארען אויף מיין ברוסט, מיט דיינע הענד פארלעגט ארום מיין האלז. איך בין אויפגעשטאנען און מיך געגומען אנטהאן. און פלוצלונג האב איך דערזעהען. יא, גאנץ אונערווארט. פריהער האב איך דיך קיינמאל נישט געזעהען. דו פארשטעהסט וועגען וואס איך טראכט. עס איז געווען זעהר הייס, די קאלדרע איז אראבגע־פאלען אויף דער ערד. און דו ביזט געלעגען אינגאנצען אויפגע־דעקט.

ער האט הייזעריג געלאכט.

— דו ביזט דאמאלס געשלאפען? זאג, דו האסט געווארט די מינוט, ווען איך וועל דיך פלוצלונג דערזעהען...

ער האט דאס איהר איינגערוימט אין אויער.

זי האט אויף איהם א קוק געטהאן. איהר פנים האט אונטער־געציטערט. איהרע אויגען זיינען געווען פארגאסען מיט א פייער־דיגען גלאנץ. לאנגזאם און דורשטיג האט זי זיך איינגעגעסען אין איהם מיט די אויגען. ער האט געפיהלט ווי פייערדיגע שטרא־מען האבען זיך צוגאסען אין זיין בלוט.

— דו הערסט, וואס איך רעד? — האט ער געמורמעלט מיט א ציטער. — דו הערסט? די קאלדרע איז אראבגעפאלען און דו ביזט געלעגען איינגאנצען אויפגעדעקט. און איך בין איבער־צייגט, אז דו ביזט ניט געשלאפען, אז דו האסט א גאנצע נאכט אנ'אויג ניט צוגעמאכט. איך בין איבערציינגט, אז דיין דורשטי־גער בליק הינטער די לאנגע ברעמען איז אריינגעקראכען אין מיין בלוט. נו? פאר וואס זשע ווערסטו נישט בייז?

זי האט נאך נידריגער אראבגעלאזט דעם קאפ.

ער האט זיך פלוצלונג בעהערשט.

— איך האב געקוקט אויף דיר מיט א מאדנעם שרעק. איך האב ניט געקענט אברייסען די אויגען פון דיין קערפער. דאס הארץ האט אזוי געקלאפט, אז איך האב מיך געוואקעלט.

— און דערנאך? — האט זי געשעפטשעט.

— דערנאך... דערנאך... — זיין שטימע האט געציטערט און זיך איבערגעריסען, — דערנאך בין איך געפאלען אויף דיר און גענומען קושען...

— מיינע ליפען? — זי האט קוים ארויסגערעדט די ווערטער.

— ניין... דיין קערפער... דו ווייסט, דו געדענקסט; אך, דו געדענקסט, דו ביזט דאך דאמאלס נישט געשלאפען... און איבער דיין קערפער איז דורכגעלאפען א ציטער אזוי ווי כוואליעס אויף א טייך.

יעצט האט זי אויף איהם געקוקט לאנג. איהר פנים האט גע־אטהעמט מיט ליידען, און די אויגען האבען געברענט מיט אונ־ענדליכער גרויזאמער פיין.

— רעד! רעד נאך! רעד! — האט זי געמורמעלט.

— דערנאך האב איך פארגעסען. איך האב דיך נישט גע־זעהען כמעט צוועלף יאהר. איך האב חתונה געהאט... און איך האב פערגעסען, אז דו ביזט מיר מעהר ווי א שוועסטער. ניין, ווירקליך... פאראיאהרען, ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל בעגעגענט... מיר זענען געווען צוזאמען אזוי ווי היינט, נאר מיר האבען מעהר געטרונקען! פלוצלונג ביזטו געווארען אזוי מאדנע צורייצט, האסט זיך גערייצט מיט מיר, האסט מיר געגעבען פאר־שיעדענע אונאנגענעהמע אנצוהערענישען און פלוצלונג האסטו

דיך געוואָרפען אויף מיר און מיר א בּיס געטהאַן אין די ליפּען ביז בּלוט. מיך האָט עס געוואָרפען אין היץ.

— איך האָב דיר א בּיס געטהאַן? — האָט זי זיך בּייז צו־לאַכט.

— און דערנאָך, ווען דו האָסט מיר אין דער פריה געבּראַכט קאַפע אין בעט אריין...

זי איז אויפגעשפּרונגען.

— דו בּיזט פון זינען אראָב, וואָס? דו ווערסט דאָך דיר נישט געהן איינרעדען, אז איך ליעב אין דיר דעם מאַן?

ער האָט זיך שטיל צולאַכט.

— און אָט האָסטו דיך אליין אויסגעגעבען. דו האָסט מיך קיינמאָל ניט געליעבּט ווי א שוועסטער. דו האָסט מיך שטענדיג אזוי געוואָלט, אזוי ווי איך וויל דיך אצינד!... זאָג, דו געדענקסט? עס איז געווען דיין געבּורטסטאָג. די מוטער האָט צו־נויפגערופען אַלע קינדער פון די שכנים. מיר האָבען זיך גע־שפּיעלט אין בּעהעלטעניש. דו האָסט דיך שטענדיג געזוכט צו בּעהאַלטען מיט מיר אין די טונקעלסטע ווינקלען און האָסט דיך צוגעדריקט צו מיר, צוגעדריקט זיך אזוי היים, אזוי ווי עס קען זיך נאָר צודריקען א פרוי צו א געליעבּטען מאַן. טהו זשע א קוק אויף מיר, לאָמיך אריינקוקען אין דיינע אויגען... געדענקסט, ווי מיר האָבען זיך צוגעדריקט איינער צום אַנדערען מיט אַזאַ גליק־זעליגקייט, וועגען וועלכען קיין קינדער ווייסען נישט... דו האָסט אויפגעוועקט אין מיר דעם מאַן....

ער האָט פּלוצלונג אבּגעריסען. איהם האָט זיך אויסגעוויעזען, אז ער האָט געזאָגט צופיעל, צופיעל...

זי האָט זיך צולאַכט מיט א לאַנגען, בּייזען געלעכטער.

— דו ווילסט, וואַרשיינליך, אויפשרייבּען א נייעם ראָמאַן. עפּעס א שרעקליכע געשיכטע וועגען א בּלוט־געמישטע ליעבּע צווי־שען קרובים? חאַ־חאַ־חאַ, ווי לעבּערליך דו בּיזט. דערמיט ווילסטו מיך פאַרפיהרען?

— איך האָב דיך ליעב, ווי א בּרודער, נישט מעהר!

— חאַ, חאַ, חאַ! אזוי, הייסט עס, ליעבּט מען א בּרודער! וואָס בּיזטו אזוי בּלייך געוואָרען, פאַרוואָס ציטערסטו אזוי, פאַר־

וואס ציטערען אזוי דיינע הענד? און דו טרינקסט אזוי פיעל, ווייל דו ווילסט דערשטיקען אין דיר דאס, וואס איך רעד. פייניג מיך נישט אזוי!

ער איז געווען שרעקליך פארזארגט און אויסגעמאטערט.

— פייניג מיך נישט! איך בין אזוי אונענדליך גליקליך וואס דו ליעבסט מיך...

— איך ליעב דיך! — האט ער פלוצלונג ארויסגעכריפעט — ליעב, ליעב, ליעב... — זיין שטימע איז אבגעשטארבען, ווי א כוואליע, וואס האט זיך אנגעשלאגען אן ברעג.

זיי האבען לאנג געשוויגען. מאדנע לאנג.

— דו האסט דאס, ענדליך, פארשטאנען? — האט ער שטיל געפרעגט.

זי האט נישט געענטפערט.

— נעכטען האט זיך דער שרעקליכער סוד ארויסגעריסען פון מיין נשמה... דו ביזט געווען ביי מיר די נאכט. האסט אויפגע־הערט זיין מיין שוועסטער...

זי האט געקוקט אויף איהם מיט שרעקליכע אויגען. פיין האט געצ טערט ארום איהרע ליפען. זיי האבען געמאסטען איינער דעם אנדערען מיט די אויגען; זייערע אויגען האבען זיך איינגעגעסען איינער אין דעם אנדערען, אז עס איז געוועזען ניט אבצורייסען.

— דאס איז שרעקליך, — האט זי געמורמעלט. א קראנקער שרעק האט געאטהעמט מיט פיעבער אויף איהר פנים.

— יא, דאס איז שרעקליך, — האט ער איבערגע׳חזר׳ט, גלייך ער וואלט אליין נישט געוואוסט וואס ער רעדט.

און ווידער האבען זיי לאנג געשוויגען.

זי איז פלוצלונג אויפגעשטאנען.

— גערה אהיים! גערה, גערה!

ער האט זיך פארוואונדערט. ער האט נאך קיינמאל נישט געהערט אזא בעטענדיגען טאן אין איהר שטימע.

— ניין, אנא, איך קען מיך נישט אבבייסען פון דיר.

— אבער וואס זשע ווילסטו פון מיר? — האט זי א געשריי געטהאן מיט א דערשטיקטער ווילדקייט.

— גאָרנישט, גאָרנישט, — וואָס קען איך דען וועלען פון דיר?

ער האָט זיך צושמייכעלט וואַהנזיניג.

— נעכטען איז נאָך געווען עפּעס, פאַר וואָס איך האָב מורא געהאַט... בלוט־געמישטע ליעבע אָדער ווי עס רופט זיך דאָרט— הע, הע... איך בין געווען אין אַ שרעקליכער פערצווייפלונג, ווען איך האָב מיך איבערצייגט, אַז די פרוי מיט וועלכער איך בין ווילד געווען היינטיגע נאַכט, איז געווען מיין שוועסטער.

היינט האָב איך שוין ניט קיין שוועסטער. היינט זעה איך נאָר פאַר זיך אַגאַ'ן, עפּעס אַ פרעמדע פרוי, וועלכע איך ליעב מעהר פון אַלץ אין דער וועלט, קען זיין דערפאַר, ווייל זי איז — בלוט פון מיין בלוט, פלייש פון מיין פלייש.

ער האָט פּלוצלונג איבערגעריסען.

— אַגאַ... דו האָסט מורא פאַר דער ליעבע?

— איך האָב גאָר נישט קיין מורא! — זי האָט זיך פער־עכטליך צולאַכט.

— אַבער? אַבער? — ער האָט געקוקט אויף איהר מיט אַזאַ שרעק, גלייך זיין גאַנץ לעבען וואָלט געשטאַנען אין קאַן.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט קאַלטע בליקען. עפּעס איז פאַר־קיהלט און פאַרפרוירען געוואָרען אין זיין נשמה.

— אַבער? פרעגסטו... אַבער? עס איז נישטאָ קיין „אַבער"; דו עקזיסטירסט נישט פאַר מיר ווי קיין מאַן. דו ביזט נאָר מיין ברודער.

— אַ ליגען! אַ ליגען! פאַרוואָס פיינגסטו מיך מיט דיין ליגען? טויט ניט דאָס, וואָס עס איז דאָס הייליגסטע אין מיר, דאָס מיט וואָס איך לעב, אין וואָס עס געפינט זיך דער זין פון מיין נשמה.

— דו האָסט פאַרגעסען וועגען דיין פרוי. דיך פּלאָגט פיבער. דו האָסט הייסע הענד. דאָס פייער פון דיינע אויגען צוגיעסט זיך אין מיין בלוט, ווי סם... איך וויל דיך מעהר ניט זעהן, — דו צו־שטערסט מיין נשמה, — געה... געה...

זי איז פּלוצלונג געקומען צו זיך און איז אויפגעשפּרונגען.

— ווי שרעקליך דאָס איז, ווי אונענדליך לעבערליך. דו האָסט

א פרוי — א שעהנהיים, א וואונדערשעהנע פרוי... און דיר,— עס האט איהר פערבאפט דער אטהעם, — דאס איז דיר ווענינ, דו ווילסט אנ'אנדערע און דערצו — דיין אייגענע שוועסטער...

— חע, חע... דו ווילסט מיך, פונקט אזוי גוט, ווי איך וויל דיך... נאר דו האסט מורא, האסט מורא... ביזט נישט גענוג דרייסט זיך מודה צו זיין. אבער ווען איך האב דיר נעכטען געזאגט, אז עס קען זיין איך זאל הייגט אוועקפאהרען, מיינסטו, אז איך האב נישט געזעהען, ווי דו האסט געליטען, און ווי דו האסט דיך אנגע־שטרענגט, אז איך זאל נישט זעהן, ווי דו ליידסט? איך שעץ מיין פרוי, אבער דיך ליעב איך. פארשטעה זשע שוין איינמאל, אז איך ליעב דיך. פון דיין קינדהייט אן האסטו געבענקט נאך דעם ווארט „איך ליעב!". דו האסט געציטערט אויס דורשט צו הער־רען דאס פון מיר.

פריהער האסטו דאס געוואלט ארויסצווינגען פון מיר, און איצט ווילסטו מיך אבשטויסען? פיליינט גלויבסטו נישט, אז איך רעד דא ערנסט... איך האב דיר אלץ געזאגט אזוי אונערוואר־ט, אזוי פלוצלונג, — אבער איך שווער דיר, אז איך האב נאך קיינ־מאל ניט גערעדט אזוי שרעקליך ערנסט.

אצינד לעב איך נאר מיט דעם געפיהל; מיין מח פארטיעפט זיך מיט א ווילדער צופריעדעהייט אין יענע צייט ווען דו האסט נאך נישט געקענט בעהאלטען דיין פערלאנג. עפעס האט זיך גע־עפענט אין מיין נשמה; נאקעטע ליעגט עפעס פאר מיינע אויגען— עפעס, וואס איז טהייער און פארגעסען איך דערמאן מיך יעדעס ווארט, מיט וועלכען דו האסט מיך געלאשטשעט מיט צוועלף יאהר צוריק, יעדע בעוועגונג, יעדען בליק, יעדע בעריהרונג... אלעס דאס, וואס איז נאך נעכטען געווען בעגראבען אויף שטענדיג אין מיין מח... אויף שטענדיג אזוי האט זיך מיר נאך נעכטען אויסגעוויזען.

ער האט זיך געוואקעלט און פארלוירען דעם געדאנקען־פא־דעם... ער האט זיך אויף א ווײַלע פארטראכט.

— אה, ניין, ניין... איך האב דיך ליעב נישט פון נעכטען אן. איך האב דיך שטענדיג, שטענדיג ליעב געהאט. דאס איז נאר אן אויסטערלישער צופאל, וואס נאר נעכטען האב איך דאס אנער־קענט, איך האב שטענדיג געבענקט נאך דיר.

— איך האָב מיך געבוקט פאַר זיין ליעבע, איך האָב זי ליעב איבער׳ן לייב; ער האָט געציטערט ווי אין פיבער.

זיין הארץ איז פול געוואָרען מ ט ליידען. עפּעס האָט איהם געדריקט אין האלז, א קאלטער ציטער איז איהם דורכגעלאָפען איבער׳ן לייב; ער האָט געציטערט ווי אין פיבער.

— איך האָב מיך געבוקט פאַר דיין ליעבע, איך האָב זי ליעב. געהאַט ביז וואהנזין. איך האָב אינגאנצען געציטערט, ווען איך האָב געוואַרט אויף אַ בריעף פון דיר. און ווען איך האָב איהם ענדליך בעקומען, האָב איך איהם געלעזען, און געלעזען אָהן אַן אויפהער. איך האָב געלעזען אלץ, וואָס דו האָסט נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט שרייבען, אבער דאָס וואָס עס האָט ארויס־פּולסירט מיט היים בלוט פון יעדען וואָרט. — גאנצע וואָכען פלעג איך טראָגען דיינע בריעף מיט זיך, איך פלעג זיי גלעטען, קושען, צודריקען צו דער ברוסט. — ווען איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין פאַרגעפיהל, אז דו וועסט ווערען פאַר מיר דאָס, וואָס דו ביזט היינט.

— אַך! איך האָב ליעב דיין יעדעס וואָרט, איך האָב ליעב דיין נשמה, וועלכע האָט אַזוי ליעב בעקומען ליידען און פיין, אז זי קען ניט קיין ליידען, וועלכע זאָלען זי קענען אינגאנצען אָנ־פילען. — איך האָב ליעב דיין זיס טונקעל פנימ׳על מיט די אב־גרונד־אויגען, איך האָב ליעב דאָס זייד, וואָס ליעגט אַזוי צערטליך אויף דיין קערפּער, איך האָב ליעב די פאָרמען פון דיין קערפּער, איך פיהל ווי דיין קערפּער וויקעלט מיך ארום, ווי דיינע קליינע ברוסטען זויגען זיך איין אין מיין קערפּער מיט אזא היץ.

עס האָט איהם פאַרכאַפּט דעם אָטהעם און ער האָט קיין ווערטער ניט געפונען.

— אַ, גאָט! — האָט זי ארויסגעזיפצט.

און פּלוצלונג האָט זי זיך אָבגערוקט פון איהם.

— מעהר קיין וואָרט נישט! — האָט זי אויסגעשריגען.

— קיין איינציג וואָרט נישט! אַז נישט געה איך אוועק! איך געה גלייך אוועק! איך וויל גאָרנישט הערען.

ער האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— שרעק דיך נישט, שרעק דיך נישט. איך וועל מעהר גאָר־

נישט זאגנען ,אפילו ווען איך זאל װעלען, — איך קען נישט.

א פויזע, א לאנגע פויזע, וועלכע האט לאנגזאם איבערגע־ריסען איין נערוו נאכ'ן אנדערען.

— מיר געהען, — האט זי פעסט געזאגט און איז אויפגע־שטאנען פון איהר שטוהל.

— איז דיר דען נישט אלצאיינס. וואוהין מיר וועלען געהן. ווען דו ביזט מיט מיר? — זי האט זיך גיפטיג צולאכט. — דו ווילסט דאך זיין מיט מיר?

— אבער נאר מיט דיר! מיט דיר אליין! איך פיהל, אז עס שטויסט מיך אב פון מענשען. איך פיהל א קראנקען האס צו זיי, וועלכען עס איז נישט מעגליך בייצוקומען. א ציטער לויפט מיר דורך ביים געדאנק, אז איך וועל מיך דארפען בעגעגענען מיט מענשען.

— לאמיר געהן! — האט זי בעפוילען מיט א הארטען, טרור־קענעם טאן.

ער האט אויף איהר פארוואונדערט א קוק געטהאן. ער איז געזעסען נאך א ווײלע, אלץ נישט אראבנעהמענדיג די פארוואונ־דערטע אויגען פון איהר, דערנאך איז ער אויפגעשטאנען און גע־גאנגען.

— מיר האט נאך קיינער קיינמאל נישט בעפוילען, — האט ער שטיל געערדט אויפ'ן וועג. — קיין מענש. איך האב ביז איצט נישט געוואוסט, וואס עס הייסט פאלגען, און דו האסט פלוצלונג געזאגט: לאמיר געהן — און איך פאלג דיך.

ער האט זיך בייז צולאכט.

—און דו ווילסט מיר נאך זאגען א ליגען, אז דו ליעבסט מיך נאר ווי א שוועסטער? דו ליעבסט אין מיר נאר דעם מאן. דו האסט נאר געווארט, אז איך זאל דיר זאגען: איך ליעב דיך,— און דו האסט דיך מיטאמאל געענדערט.

—ח,ע חע... איצטער ווייסטו, אז דו קענסט מיר בעפעה־לען. פריהער האסטו דאס נישט געוואגט צו טהאן. פון וואנען האט זיך פלוצלונג גענומען צו דיר אט דער אינסטינקט, וועל־כען עס האט נאר א פרוי, וואס ליעבט? פארוואס זאגסטו ליגען? דו בענקסט נאך מיר, ווילסט מיך, אזוי ווי איך דיך. דו... דו...

זי האט זיך אבגעשטעלט און אויף איהם א קוק געטהאן קאלט און ענטשלאסען.

— איך שווער ביי וואס דו ווילסט, אז אויב דו וועסט נישט שווייגען, וועל איך אוועקגעהן!

ער האט זיך הויך צולאכט.

— פרוביר, פרוביר! געה, געה, וואוהין דו ווילסט... חע, חע... דו קענסט נישט? די קענסט דיך פון מיר נישט אבֿרייסען? אך, ווי שעהן דו ביזט! ווי עס ציטערט דיין פנים, ווי עס ברענט...

חע, חע, חע... וואו האב איך פארלוירען מיין שוועסטער?

ער האט זי גענומען אונטער'ן ארעם און פיבערהאפט, מיט שרעק צוגעדריקט איהר האנד צו דער ברוסט.

— און דאך, גאט ווייסט, — קען זיין, דו װאלסט דיך ארויס־געריסען...

— איך בין נישט זיכער. דו ווילסט דיך פייניגען. דיין נשמה דורשט נאך אלץ נייע און נייע ליידען. דו ביזט איינע פון די, וועלכע קענען געפינען גליק נאר אין גיהנום. אך, ווי דו פייניגסט מיך. דו וואלסט מיט פערגעניגען געהייסען צושניידען מיין קערפער אויף שטיקער, אבי אנצוזעטיגען דיין הארץ מיט'ן אנבליק פון מיינע ליידען! חע, חע... איך וויים; דאס איז העכערע בעפרידיגונג, אבער מיינע נערווען זיינען צו שוואך פאר דעם.

ער האט געלאכט מיט א שטילען, וואהנזיניגען געלעכטער.

זיי האבען אויפגעוואכט אין עפעס א גוזעלשאפט. פלוצלונג, האט ער אויף קיין פאל נישט געקענט פארשטעהן ווי אזוי ער איז געקומען אהער.

ער האט זיך אויסגעניכטערט.

ער האט געשמועסט זעהר ערנסט מיט עפעס א הערר אין א סאמעטען רעקעל מיט ברילאנטענע קנעפ אין העמד. ביים אבענדברויט איז ער געזעסען צוזאמען מיט א יונגער דאמע, וועלכע האט די גאנצע צייט געקייכט פון געלעכטער.

א בליץ האט זיך דורכגעריסען זיין נשמה: אגא'ס אויגען.

ער האט געלעזען אין זיי, ווי אין א ליכטיגען חלום. ער האט געזעהען בענקשאפט אין איהרע אויגען און ליידען, וועלכע האבען געדראהט מיט א שרעקליכען אויפרייס: איהר גאנצע נשמה

איז פארגליווערט געווארען אין איין לאנגען, טרויעריגען בליק.

אלץ ארום איהם איז צושוואומען אין שווארצע רייפען. — ער האט געהערט דאס קלינגען פון מעסערס, געלעכטער, גערעדע־ריי, גערויש, אזוי ווי מען וואלט גערוקט שטוהלען. — ער איז אויפגעשטאנען.

און ער איז ווידער געקומען צו זיך.

ער האט געזעהען, אז אלע האבען זיך פארזאמעלט אין זאאל, ער האט געוואלט געהן מיט אלע, נאר עפעס האט איהם געשלעפט צוריק. ער האט זיך אומגעקוקט. פון הינטען איז געווען א טונקעל צימער. ער איז אריינגעגאנגען, אזוי ווי אימיצענס האנד וואלט איהם געפיהרט. ער האט זיך געזעצט, נישט אבגעבענדיג זיך קיין קלאהרען רעכענונג וועגען דעם, וואס מיט איהם קומט פאר.

אונגעהייערער שרעק האט דורכגענומען זיין נשמה.

דאס איז איהר ווילען. איהר שרעקליכער, פארקערפערטער ווילען. דער פערלאנג, וואס איז געווארען א קראפט, א שרעק־ליכע קראפט, אנגעגאסען מיט בלוט, מיט די לאנגע הענד פון א וואמפיר.

ער איז לאנג געזעסען אין דער טויבער, פינסטערער שטיל־קייט. פלוצלונג האט ער אויפגעציטערט: זי איז געזעסען נעבען איהם.

— אנא ? !

— שטיל !

זי האט איהם אנגעכאפט ביי דער האנד. מיט א קאכיגען שטראם האט זיך דאס צוגאסען איבער זיין קערפער. ער האט גע־ציטערט ווי אין קרעמפפען, און אין מח — א וועהטאג, אזוי ווי פון קורצע, שטארקע קלעפ מיט א האמער.

זייערע הענד האבען זיך צונויפגעוויקעלט. עפעס האט זיי א ווארף געטהאן איינעם אויפ'ן אנדערען. זיי האבען געטרינקט, זיי זיינען פארשוואונדען אין דער טויבער, שטומער ליידענשאפט. מיט פארמאכטע אויגען האבען זיי זיך געווארפען אין די ווירוואר־רען און אבגרונדען פון בעפריעדיגונג.

ענדליך האבען זיי זיך אבגעריסען איינער פון אנדערען. נאך

זייערע הענד זענען געווען צונויפגעוויקעלט, אַזוי ווי זיי וואָלטען נישט צו זיי בעלאַנגט.

— איך קען דיר מעהר גאָרנישט געבען, — האָט זי שטיל געמורמעלט, אַזוי שטיל, אַז איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עפּעס רעדט אין איהם.

— דיין קערפּער, דיין קערפּער... — האָט ער געבעטען.

— איך בין שוין געווען דיינע.

— ווען? ווען?...

— היינט ביינאַכט.

זי איז פּלוצים פאַרשוואונדען, גלייך די ערד וואָלט זי איינגעשלונגען.

זיין נשמה איז געוואָרען מאַכטלאָז פון שרעק.

איז דאָס ז י געווען? זי? איהר קערפּער, איהר מויל, איהרע הענד? אָדער איז דאָס נאָר א חלום, א האַלוצינאַציע?

— זענט איהר נישט געזונד? — האָט איהם געפרעגט דער הערר אין סאַמעטענעם רעקעל, ווען ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין דער טהיר פון זאַל.

ער האָט אויף דער פראַגע נישט געענטפערט. זיינע אויגען האָבען עפּעס געזוכט מיט דערשראָקענער אונרוהיגקייט. ענדליך האָט ער דערזעהען. זי איז געזעסען רוהיג, מיט א פּנים קאַלט ווי א ספינקס און האָט געקוקט אויף איהם מיט פראַפּירענדע אויגען.

ער איז צוגעגאַנגען צו׳ן איהר.

— דו ביזט ביי מיר געוועזען דאָרט? אין יענעם טונקעלען צימער? — האָט ער געפרעגט מיט א שטילער, ציטעריגער שטימע.

— דו ביזט נישט זיכער? — האָט זי געשמייכעלט

— איך האָב מורא פאַר דיר, דו ביזט א טייפעל, דו!... ער האָט געציטערט מיט׳ן גאַנצען קערפּער.

— פאַרוואָס האָסטו מורא פאַר מיר? — זי האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהם און האָט אָנגעפאַנגען א גלייכגילטיגען און רוהיגען געשפּרעך מיט איינעם פון די געסט.

עפּעס האָט זיך געדרעהט אין איהם פאַר וועהטאָג. איז זי דאָס די, וועלכע האָט מיט א מינוט צוריק אריינגעדריקט אין זיך זיין קערפּער מיט אַזא ווילדער, ענדלאָזער ליידענשאַפט!

— איך וועל מארגען אהיימפאהרען! — האט ער איהר איינגערוימט ווי א וואהנזיניגער.

— שוין צייט, שוין לאנג צייט! נאך צוויי טעג און דו וועסט פון זינען אראב.

— דו ביזט געמיין! —ער האט קוים דערשטיקט אין זיך דאס געשריי.

זי האט זיך ווידער אבגעקעהרט און האט פארטגעזעצט דאס רוהיגע גלייכגילטיגע געשפרעך מיט דעם פרעמדען הערר.

ער האט זיך פלוצלונג בערוהיגט. גלייך אלץ אין איהם וואלט צופאלען. ער איז ארוים פון זאל שטיל און אונבעמערקט.

— דו וועסט נישט פאהרען! — זי האט געציטערט פון שרעק און איהרע אויגען האבען זיך איינגעפרעסען אין איהם. — דו וועסט נישט פאהרען. איך וועל דיר די נשמה פון לייב ארויס־רייסען, אויב דו וועסט פאהרען.

איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז איהרע ציין קלאפען, און די הענד שפרינגען ווי אין פיבער.

ער האט געקוקט אויף איהר מיט קאלטער, פערעכטליכער פערוואונדערונג.

— צווישען אונז איז אלץ געענדיגט, — האט ער ארויסגעזאגט גלייכגילטיג און לאנגזאם.

— דו וועסט נישט פאהרען! — האט זי געזאגט מיט א פאשרטיקטען אטהעם.

— איך וועל פאהרען. איך דארף דיך ראטעווען אין מיין הארץ.

— די פרוי, — ער האט דערביי פערעכטליך אנגעוויזען אויף איהר מיט א פינגער, — די פרוי פארפלעקט א ריין און הייליג בילד, — איך דארף אנטלויפען פון דיר, אז דו זאלסט עס נישט בעפלעקען...

ער האט געשמייכעלט, ווי פון א חלום.

זי האט געריסען מיט די פינגער זיינע הענד.

— דו וועסט מארגען אין האלבען טאג זיין דארט, וואו מיר זיינען היינט געווען.

—און אויב דו וועסט נישט קומען, וועט... וועט...

— וועט ?... וועט ?...

זיי האבען זיך לאנג געקוקט איינער דעם אנדערען אין די אויגען.

זיי האבען זיך צושיידט אהן ווערטער.

ער האט לאנג געווארט — און אומזיסט.

פון צייט צו צייט האט ער א בלאנדזשענדיגען שמייכעל געטהאן. אט דער שטילער, מאדנער שמייכעל איז פארשטיינערט געווארען אויף זיינע ליפען.

מאדנע פייניגענדע געדאנקען האבען זיך געדרעהט ביי איהם אין קאפ, אזוי ווי צוגליהטער אבפאל פון מעטאל.

3.

ער וועט ווארטען נאך פינף מינוט, — נאר פינף מינוט.

די שטילע פרייד פון א משוגענעם האט זיך אנגעצונדען אין זיין נשמה.

— אך, ווען זי זאל נאר נישט קומען, איך וואלט מיך אויף אייביג פון איהר בעפרייט!

ער האט קיינמאל נישט געפיהלט אזא זיכערהייט.

ער האט אויפגעציטערט. עפעס א הערר איז פארביי, מיט וועלכען ער האט זיך ערגיץ־וואו בעקענט.

ער האט זיך פארשטעלט דאס פנים מיט א צייטונג.

אבער דער הערר האט איהם שוין דערקענט. ער איז צוגע־גאנגען און זיך געזעצט נעבען איהם.

— אייער שוועסטער וועט באלד קומען. איך האב זיי גע־טראפען; זי האט געזאגט, אז זי וועט קומען אהער.

— זי האט דאס אייך געזאגט?

— יא.

ער האט צונויפגעדריקט די ציין פאר ווילדקייט. ער האט א כאפ געטהאן די צייטונג, גענומען לעזען, אבער ער האט קיין ווארט נישט פארשטאנען. א טעמפע אונמאכט איז מיט א שרעק־ליכער שווערקייט געפאלען אויף זיין הארץ.

אזוי זיינען זיי געזעסען א גאנצע שעה.

ענדליך איז ער אויפגעשטאנען.

— ווארט דא אויף מיין שוועסטער, איך דארף געהן.

— איהר דארפט שוין געהן.

וואקלענדיג זיך, איז ער ארויס אויף דער גאס.

ער איז געגאנגען טריט ביי טריט. ער איז שיער משוגע פון כעס אויף איהר. טרעהרען זיינען איהם געקומען אין די אויגען, די קרעפטען האבען איהם פארלאזט, און האלז האט איהם געשטיקט, אזוי ווי ער וואלט געשלונגען רויך.

יעדער טריט האט אבגעקלונגען מיט א ווערטאג אין זיין מח. ווען ער זאל געהן שנעלער, וואלטען איהם אלע אדערען גע־פלאצט.

דאס בעוואוסטזיין האט איהם פארלאזט.

ער האט איבערגע'חזר'ט אלע איינע און די זעלבע זינלאזע פראזען, האט שטיל געשמייכעלט און זיך געריבען די הענד.

און ווידער האט זיך אין איהם צוגאסען א שטילע צופריע־דענהייט. — הייסט עס, דארף ער זי מעהר נישט זעהן. ער האט זיך ענדליך בעפרייט פון זיין וואמפיר.

ער האט זיך פלוצלונג אבגעשטעלט: אין דערוויילען האט ער דערזעהען א שווארץ זיידען קלייד...

ניין, דאס איז נישט אנא.

די אונרוהיגקייט אין איהם איז געווען גרויס. די אונרוהיג־קייט און א דריקענדע בענקשאפט.

נישטא וואס צו טהאן, מען דארף געהן אהיים, אהיים, לעגען זיך אין בעט אריין.

ער איז דאך נישט אויף א געלעכטער, קראנק.

די זון האט געשטאכען אין די אויגען אזוי ווי לאנגע, צו־גליהטע שפיזען האבען זיך די שטראהלען אריינגעשטאכען אין זיינע נערוועז.

עס איז איהם פינסטער געווארען אין די אויגען. ער האט זיך געזעצט אויף א באנק'

ס'ארא געמיינהייט דאס איז צו חלש'ן אויף דער גאס. — איז איהם ווי א בליץ דורכגעלאפען אין קאפ. ער האט שוין קלאהר געזעהען אנ'עולם, א טראג־בעטעל, — ניין, ניין!...

ער איז אויפגעשטאנען, זיך בעמיהט צו אונטערשיידען מענ־

שען, וועלכע זיינען פארבייגעגאנגען און זיך צונויפגעגאסען אין א שווארצע חוואליע.

און פלוצלונג האט ער זי דערזעהען. ער האט זיך דערמאנט, אז ער האט געזעהען ווי זי איז עטליכע מאל פארבייגעגאנגען די באנק, אויף וועלכער ער איז געזעסען און האט געקוקט אויף איהם.

זי איז געגאנגען רוהיג, שמייכלענדיג און האט געגריסט די בעקאנטע; אוי פרי הענד האט זי געטראגען לאנגע, רויטע הענטש־קעס.

— אגא! — האט ער אויסגעשריגען.

— נו? וואס טהוסטו דא?

ער האט זי אנגעכאפט ביי דער האנד, האט צונויפגעדריקט די ציין און האט זי אוועקגעפיהרט אין א לעדיגער קאפע, הינטער דער שטאדט.

ער האט געהאט קראפט.

— אויב דו וועסט נאך איינמאל, — עס האט איהם פער־כאפט דעם אטהעם פאר צארן, — אויב דו וועסט מיר נאך איינ־מאל שיקען א פרעמדען מענשען, וועל איך... וועל...

זי האט זיך צולאכט.

— נו, וואס וועסטו?

ער האט זיך פלוצלונג בערוהיגט. זיין קראפט איז צוגאנגען, אזוי ווי פרישער שניי אויף דער זון. ער האט געשמייכעלט.

פלוצלונג האט א גום געטהאן עפעס אנ׳עריגערונג און האט פארגאסען זיין נשמה.

— דו האסט מיר נעכטען געזאגט, אז איך זאלווארטען אויף דיר אין האלבען טאג?

— ניין.

— אגא! זאג נישט קיין ליגען, אום גאטעס ווילען, זאג נישט אצינד קיין ליגען! איך האב מורא פאר זיך אליין. זאג, זאג! דו האסט מיך געהייסען ווארטען?

זי האט געשוויגען.

— זאג, זאג, איך בין נישט זיכער. אלץ גיעסט זיך צונויף און צוגעהט אין מיין נשמה. איך פארשטעה נישט, ווי האב איך

געקענט אזוי לאנג ווארטען אויף דיר, נאר מיר האט זיך אויס־געוויזען, אז דו האסט געהייסען.
זי האט א ציטער געטהאן.
— געהייסען!
ער האט שווער געאטהעמט.
— פארוואס־זשע האסטו מיך געהייסען קומען, ווען דו האסט געוואוסט, אז דו אליין וועסט נישט קומען?
— איך וויל נישט מעהר זיין מיט דיר אונטער פיער אויגען.
— קיינמאל נישט! — האט זי קאלט געענטפערט.
— קיינמאל נישט?
— קיינמאל נישט!
ער האט זיך פארטראכט, דערנאך איז ער אויפגעשטאנען.
— נו, טא זיי מיר געזונד, אגא. איך קען נישט זיין מיט דיר צווישען מענשען. איך פיהל צו זיי א שרעקליכען עקעל. איך קען קיינעם נישט זעהען, אויסער דיך. ניין, גאלדענע אגא, פאדער פון מיר אלץ, וואס דו ווילסט, נאר דאס קען איך נישט טהאן. ניין, ניין...
זי האט איהם אנגעכאפט ביי דער האנד. זיי האבען זיך לאנג אנגעקוקט.
ער האט זיך ווידער געזעצט.
זי איז געווען פארזארגט און ערנסט.
— קענסטו נישט זיין ביים קלאהרען שכל כאטש איין מי־נוט? פארשטעהסטו נישט, אז דא איז נישטא קיין אויסוועג, פארשטעהסטו דאס נישט?
— פארוואס איז נישטא קיין אויסוועג?
— איך בין דאך דיין שוועסטער.
— א ליגען. דו האסט וועגען דעם א רגע נישט געטראכט. דו האסט ליעב פיין, האסט ליעב יסורים, דו קענסט דיך נישט אנזעטיגען, נישט מיט דיינע נישט מיט מיינע ליידען.
זיי האבען לאנג געשוויגען.
— הער, אגא, — ס׳איז דאך אמת... דו האסט זעהר ליעב מיין פרוי?
— איך האב זי ליעב.

— און ווען זי וואָלט נישט געוועזען?

— דאַן קען זיין...

— קען זיין?

זי האָט גאָר נישט געענטפערט.

און זיי האָבען ווידער לאַנג געשוויגען.

— איך וועל אויף שטענדיג בלייבען מיט דיר, — האָט ער געערדט מיט אַ געבעט און מיט שטילער צערטליכקייט. — מיט דיר, אַגאַ...

— ניין, ניין! איך וויל זיין מיט דיר, נאָר נישט אונטער פיער אויגען, נישט מיט דיר אליין. איך בעט דיך, איך בעט דיך!

— דו שרעקסט דיך פאר מיר?

— פאר זיך אליין. מהו דאָס פאר מיר. דו האָסט דאָך מיך ליעב.

— וואָס זאָל איך טהאָן פאר דיר?

— בעט מיך נישט איך זאָל זיין מיט דיר אונטער פיער אויגען, — און דערנאָך... — זי האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ,— ריהר זיך נישט צו צו מיר! מיר איז שרעקליך עקעלהאַפט דיין בעריהרונג.

— דיך עקעלט מיין בעריהרונג?

— יאָ.

אויף דיין קערפּער זיינען דורכגעלאָפען טראָפּענס פון צר גליהטען מעטאַל. זיין פאַרוואונדעטע נשמה האָט זיך געדרעהט אין דרייען. ער האָט דערפיהלט שאַנד און עקעל פאַר זיך אליין. ער האָט זיך צוגעריהרט צו אַ פרוי, וועלכע האָט צו איהם גאָרנישט געפיהלט אויסער עקעל.

אַ קאַלטע, פראָסטיגע קלאָהרקייט האָט זיך צוגאָסען אין זיין קאָפּ.

— איך בין דיר זעהר דאַנקבאַר, וואָס דו ביזט ענדליך אָפּענ־הערציג.

— דו ביזט גערעכט. איך וועל מעהר מיט דיר קיינמאָל נישט רעדען וועגען דעם און וועל דיך מעהר נישט אָנריהרען.

איהר פּנים איז געווען פאַרשטעלט מיט'ן הוט. דער קאָפּ

נידריג אראבגעלאזט, — די הענד אין די לאנגע רויטע הענטשקעס האבען שרעקענדיג געבלאנדזשעט איבער׳ן טיש.

— פילייכט אויפזוכען דעם לץ, וועלכען דו האסט צוגע־שיקט צו מיר?

— ניין.

זיי האבען לאנג געשוויגען. ער איז געווען פאלשטענדיג רוהיג.

איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז אנ׳אונזעהבארע קראפט האט אראבגענומען די אייזערנע שטאנג פון זיין נשמה.

— טהו זשע א קוק אויף מיר! — האט ער זיך ענדליך אנ־גערופען שטיל און צערטליך. — דו האסט ענדליך דערגרייכט, וואס דו האסט געוואלט. דו קענסט מיך, דו ווייסט, ווי שעמעוו־דיג מיין נשמה איז. איצט קען מיך גארנישט אויפרעגען, זאל אפילו קוקען אויף אונז א מאסע פון טויזענד מענשען, מיר וועט זיך אפילו נישט וועלען, איך וועל נישט פיהלען קיין בעגעהר צו זיין מיט דיר אונטער פיער אויגען. איבריגענס, איך וואלט מיט פערגעניגען אראבגעריסען פון דיר דעם גיהנום׳דיגען הוט. עס איז אזוי בעקוועם מיט איהם צו פארשטעלען דאס פנים... חע, חע, חע... נו, אגא, גאלדענע, טהייערע שוועסטער, דערצעהל זשע עפעס דיין ברודער — חא, חא, חא!...

זי האט פלוצלונג א קוק געטהאן אויף איהם.

איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז ער זעהט טרעהרען אין איה־רע אויגען.

— אגא, — האט ער שטיל געמורמעלט.

טרעהרען זיינען גערינען אויף איהרע באקען.

— דו וויינסט? — האט ער זי קאלט און נאכלעסיג גע־פרעגט.

— ניין. זי האט פארביסען די ציין.

— דו וויינסט דאך, איך זעה דאך, אז דו וויינסט. אט זיץ איך און ברעך מיר דעם קאפ פארוואס דו וויינסט. איך גלויב נישט אין דיינע טרעהרען. דיין נשמה איז א ליגנערישע און דיינע טרעהרען לייגען. ד וזכסט נייע יסורים, — דיר איז וועניג אונ־זערע יסורים און לייד, און אפשר, חא־חא־חא... אפשר קענסטו וויינען, ווען דיר ווילט זיך? אפשר ווילסטו מיך ווייך מאכען, מיך

ריהרען מיט דיינע טרעהרען?

זי האט ווידער א קוק געטהאן אויף איהם. א לאנגער, טרויעריגער בליק, אין וועלכען די נשמה האט זיך געווארפען אין אונמענשליכע יסורים. אבער בלויז איין מינוט. פלוצלונג האט פון איהרע אויגען א גאס געטהאן א ווילדער האס, אזוי ווי שטראם פון שטעכענדיגע ליכט. א גאנצע אייביגקייט איז, דוכט זיך, פארביי. פלוצלונג איז זיך דאס ליכט צולאפען אין פונקען, — איהר פנים איז פארגליווערט געווארען, זי האט זיך אנגעלעהנט פאראויס מיט מילדע, אונבעוועגליכע אויגען און ווידער האט א גאס געטהאן דער האס.

זי האט זיך געבויגען, ווי א טיגער.

— נו, א דאנק גאט, דאס פיבער איז פארביי. — זי האט גיפטיג געלאכט, — איצט קענסטו צוריקפאהרען צו דיין פרוי און איהר דערצעהלען די אלע אינטערעסאנטע זאכען, וואס דו האסט איבערגעלעבט מיט דיין שוועסטער.

— נו, וואס איך וועל פאהרען און דערצעהלען.

— דו האסט אפט אזא פיבער? — האט זי גיפטיג געפרעגט. — איך מיין, נארסטו אפט אב דיין פרוי, אונטער דעם אויסרייד פון דעם שטרויענעם פיבער?

— זעהר אפט. דא, צום ביישפיעל האב איך א מיידעלע, כמעט נאך א קינד, — איך פארברענג ביי איהר נעכט.

זי האט אויסגעשריגען.

ער האט געקוקט אויף איהר מיט האסענדיגע, גיפטיגע אויגען.

— עס טהוט דיר וועה? — האט ער בייזוויליג געפרעגט.

— א ליגען! — זי האט דערשטיקט א געשריי.

— פארוואס זאל איך זאגען ליגען?

— גוט, גוט, — פארוואסזשע בעטעלסטו ביי מיר ליעבע?

— איך האב ביי דיר קיינמאל נישט געבעטעלט. איך ווייס וועגען דעם גארנישט...

איבריגענס, פארגיב מיר, איך בין קראנק געוועזן; איך ווייס נישט וואס מיט מיר איז געוועזען. איך פיהל, אז איך בין געוועזן אונענדליך לעבערליך. דו דארפסט מיך נישט אזוי, ביז וועה־טאג, פארשעהמען. חא, חא, חא... ווי עס פרעהט זיך איצטער

דיין נשמה, וואס זי האט מיר דערלאנגט אזא שטארקען קלאפ.

איהרע הענד האבען געציטערט אין נערוועזער אונרוהיגקייט.

ער איז געווארען אונגעוועהנליך ליעבענסווירדיג.

— דו האסט וואונדערליך אינטערעסאנטע הענטשקעס.

זי האט אויף איהם א האסטיגען און פראבירענדען בליק גע־ווארפען. א בייזער שמייכעל האט א בליץ געטהאן אין איהרע אויגען.

— האסטו ווידער פיבער? אצינד נאר, זעה איך, אז דו ביזט ווירקליך קראנק.

ער האט א ציטער געטהאן און האט זיך פלוצלונג צולאכט.

— אך, איך פארשטעה דיך, איך פארשטעה. געוויס האב איך איצטער פיבער, איצטער, ווען איך הויב אן רעדען פער־שטענדליך און קלאהר. איצטער, ווען איך בינד נישט אן דיין פאנטאזיע, וועלכע דורשט נאך אלץ נייע און נייע יסורים. — דו בענקסט נאך די וואהנזיניגע ווערטער פון מיין ליעבע.

— יא.

דאס איז געווען איין לאנגע, אויסגעצויגענע פראזע פול מיט פערלאנגען.

— דו בענקסט? בענקסט? נאך דעם אלעם, וואס דו האסט מיר געזאגט!

— דו רעדסט דאס מיט אזא אונפארשעהמטקייט, נאכדעם ווי דו האסט שוין צוטראטען מיין נשמה. האסטו נישט געזאגט מיט א מינוט צוריק, אז דו פיהלסט אנ׳עקעל, ווען איך ריהר מיך צו צו דיר? ניין; איצט איז שוין שפעט; מיין נשמה איז שעהמעוודיג און פול מיט שרעק, — איצט איז שוין שפעט.

ער האט געהייסען ברענגען א פלאש וויין.

— ווילסט מיט מיר טרינקען, אגא?

— גיס אן, גיס אן פולע גלעזער.

ער האט זיך בעמיהט צו זיין רוהיגער.

זי האט מיט די אויגען געבעטען ליעבע.

ער האט געטרונקען שנעל... האט אנגעשפארט דעם קאפ אויף די הענד. ער האט פארגעסען אן איהר. נאר א וועהטאג, א וועה־

טאָג, אַזוי ווי אימיצער וואָלט איהם אָנגעגליהט דעם מח מיט א רויט אייזען.

און ער האָט ווידער דערפיהלט, ווי זי נאַרט איהם צו זיך.

זי האָט זיך לאַנגזאַם צוגערוקט צו איהם. אַלץ נעהנטער, נעהנטער, — און האָט זיך פּלוצלונג געטהאָן א הייסען רוק צו צו איהם מיט'ן גאַנצען קערפּער.

און ער האָט ווידער דערפיהלט קורצע שטאַרקע קלעפּ ווי מיט א האַמער.

זיי זיינען געזעסען, ווי געשלאָגען פון א דונער. זי — איז גע־זעסען אריבערגעבויגען איבער'ן טיש, אָטהעמענדיג שווער און הייס.

—איך האָב דיר געזאָגט לינען! — האָט זי שטיל געזאָגט— האָט אויסגעטרונקען איין גלאָז, אָנגעגאָסען א צווייטס און אויך אויסגעטרונקען.

— טרינק זשע מיט מיר! — איהר שטים איז נידריגער געוואָרען און האָט געציטערט.

ער האָט וועגען אַלץ פערגעסען. ער האָט נאָר געפיהלט, ווי עס איז אין איהם איבערגעגאַנגען די וואַרימקייט פון איהר קער־פּער. ווי איהרע גליעדער האָבען ארומגעוויקעלט זיין קערפּער, ווי זי האָט זיך געדריקט צו איהם, צערטליך זיך איינגעטוליעט אין איהם, איינגאַנצען אין פייער, פאַרלירענדיג דאָס בעוואוסטזיין, אויפציטערענדיג פון אונמענשליכער בעפרידיגונג. אין מח האָט זיך ביי איהם אַלץ צונויפגעפּלאָנטערט. ער האָט גערעדט שטיל, ציטערענדיג; זיינע הענד זיינען געשפּרונגען.

איהרע אויגען האָבען זיך געפרעהט; זי האָט אויף איהם א קוק געטהאָן. איהר גאַנצע נשמה האָט זיך געטרענקט אין שרעק און פערצווייפלונג.

ער האָט געשוויגען. זיי זיינען געקומען צו זיך.

דאָס געשפּרעך האָט זיך אָבגעריסען. די ווערטער זיינען גע־בליבען אין האַלז. פון צייט צו צייט האָבען זיי זיך דורכגעוואָרפען מיט אונבעדייטענדע פראַזען, און האָבען ווידער לאַנג געשוויגען; דערנאָך האָט זיי דאָס ווידער ארומגעכאַפּט.

זיי האָבען נישט געוואוסט, ווער עס האָט אָנגעהויבען.

— דו געדענקסט, אגא, ווי מיר האבען זיך אמאל געבאדען? איך האב דיר געהאלפען אויסטהאן זיך. דו האסט זיך נישט גע־לאזט און ביזט אזוי שרעקליך רויט געווארען. חע, חע!... מיר זייּ־נען שוין אייגענטליך נישט געווען קיין קינדער. און פלוצלונג האב איך דערפיהלט צו דיר אנ׳אונענדליכע ליעבע.. .דו געדענקסט? מיר האבען זיך געווארפען אויפ׳ן זאמד און צוגעדריקט זיך איי־נער צום אנדערען אזוי שטארק, אז מיר האבען געשריגען פון וועהטאג. דערנאך האב איך דיך גענומען אויף די הענד און האב דיך אריינגעטראגען אין וואסער. די ביזט געווען אזוי שעהן און שטיפעריש, ווי עס קען נאר זיין א פרוי, ווען זי פיהלט, אז זי ווערט געליעבט. איך האב דיך בעדארפט לערנען שווימען, נאר דו האסט דיך געהאלטען אין איין טרענקען... גאט, איצט געפין איך אין דיר ווידער אמאל מיין אמאליגע שעהנע אגא, יענע... פון צוועלף יאהר צוריק. דו קוקסט ווידער אויף מיר אזוי צערט־ליך, אזוי וואונדערליך־זיס, אזוי ווי דאמאלס. דו רעדסט שוין נישט אזוי גיפטיג, עס איז שוין נישטא מעהר קיין בייזקייט אין דיר, און איך בין ווידער דיין שקלאף, דיין הונד. דו קענסט טהאן מיט מיר אלץ וואס דו ווילסט, — ארויסרייסען מיין נשמה פון קערפער, און איך וועל דיר נאך זיין דאנקבאר, ווייל דו האסט עס געטהאן... דו...

— פייניג מיך נישט, הער אויף, הער אויף...

זי האט געקוקט אויף איהם מיט געבעט.

ער האט זיך אנגעלעהנט אז דער וואנד, אין קאפ האט איהר געברענט.

— דאס איז שרעקליך, שרעקליך, שרעקליך. — האט זי גע־מורמעלט א דערשראקענע.

דער אווענד איז אנגעקומען. ס׳איז פינסטער געווארען.

זיי זיינען געזעסען, טוליענדיג זיך איינער צום אנדערען.

— סא׳יז שוין פינסטער! — האט זי געזאגט.

— יא, שוין פינסטער.

— זעה נאר ווי בלוטיג די לבנה איז, הינטער די צווייגען פון די בוימער.

— שטיל, שטיל!...

זיי זיינען לאַנג געזעסען, נישט אויסרעדענדיג קיין וואָרט...

זיי האָבען זיך שטאַרקער צוגעדריקט איינער צום אַנ־דערען, און אין זייער שווייגען, אין זייערע אומאַרמונגען זיינען געווען יסורים.

זי איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען.

— איך וועל אַהיימגעהן! — האָט זי פעסט געזאָגט.

ער האָט געקוקט אויף איהר, ווי אַ משוגענער.

— אויב דו וועסט איצט פון מיר אוועקפאַהרען — איצט, וועסטו... מיך שוין מעהר נישט זעהען.

אַ קראַנקער שרעק האָט געציטערט אין זיין שטימע.

— אַגאַ, אויב דו ליעבסט מיך כאָטש ווייניג, טאָ בלייב; איך וועל פון זינען אַראָב.

— מיר האָבען פאַרגעסען אַז דיין פרוי. — זי האָט זיך הייזעריג צולאַכט.

—דו וואַרפסט מיר פאָר וואָס איך האָב אַ פרוי? אויב דו ווילסט וועל איך זי מעהר קיינמאָל נישט זעהן. איך וועל זי פאַר־געסען. אויב דו וועסט הייסען.

— ווי קראַנק דו ביזט, ווי קראַנק דו ביזט! — האָט זי גע־רעדט מיט קאָכיגער גיפטיגקייט.

— איך בין נישט קראַנק. איך ליעב דיך. איך... איך... אַגאַ, בלייב מיט מיר. דו וועסט ביטער בעדויערען, אויב דו וועסט אַצינד אוועק! — ער האָט זיך געבעטען ביי איהר, ווי אַ קינד.

— נו, איצטער הייבסטו אָן ווערען סענטימענטאַל. שעהם דיך!

אַלץ אין איהם איז מיט אַמאָל פערשוואומען אין די פינ־סטערע טיעפענישען. אזוי ווי דער גאַנצער שטראָם ליעבע און היץ וואָלט זיך פאַרוואַנדעלט אין אייז.

ער האָט אויף איהר לאַנג געקוקט, דערנאָך האָט ער זיך געזעצט.

פון צייט צו צייט האָט זי אויף איהם אַ פאַר׳גנב׳עטען בליק געוואָרפען, מיט זויגענדע, נייעגריגע אויגען.

זיי האָבען געשוויגען זעהר לאַנג.

— אפשר אזוי פאַרברענגען די צייט? אָדער ווילסטו אפשר

געהן אליין? — האט ער נאכלעסיג געפרעגט.

— איך וועל אליין געהן, און דו געה אויך. דו ביזט, דוכט זיך, ווירקליך קראנק.

— דו דארפסט זיך נישט אריינמישען אין דעם, וואס איך דארף טהאן.

ער האט זיך צולאכט מיט האס.

זי האט לאנג געקוקט אויף איהם.

—גאט, ווי נאריש איהר זענט אלע, — איהר מענער. ווי עקעלהאפט איהר זענט.

— דאס אייגענע זאגען דאך פראסטיטוטקעס וועגען מענער.

— ביזט גראב.

— און דו נאך מעהר.

— איך האס דיך. איך וויל דיך מעהר נישט זעהען.

— און איך אויך.

נאר ווען זי איז אויפגעשפרונגען און געוואלט אוועקגעהן, האט ער זי אנגעכאפט ביי דער האנד.

— פארגיב מיר, איך בין קראנק.

— נו, טאר פאהר זשע שנעלער צו דיין פרוי. ביי איהר וועסטו געזונד ווערען. פאהר, פאהר שנעלער.

— דו ווילסט, מסתמא, אז איך זאל מיך פריהער צושיידען מיט מיין פרוי? הא? פילייכט וועסטו דאמאלסט קענען? — חא, חא, חא...

זי האט זיך געמאכט, גלייך זי הערט איהם נישט.

— דו וואלסט געטהאן גאנץ גוט, ווען דו וואלסט שוין ענדליך בעזוכט די מוטער. מארגען וועט זי ביז האלבען טאג זיין אין דערהיים.

— א גרויסען דאנק דיר, איך וועל נישט קומען.

זי איז געגאנגען צו דער טהיר.

— געהסט? דו געהסט ווירקליך? אגא!

זי האט זיך אבגעשטעלט. איהרע אויגען האבען געברענט מיט ווילדען האס.

— איז דאס אמת, אז דו האסט דא אין שטאדט א מיידעלע, כמעט א קינד, ווי דו האסט דיך אויסגעדריקט?

— נו, זעהסטו, איך האב דאך בעדארפט געפינען מיין אמאַ־ליגע אגא!

— אך, ווי איך האס דיך!

— גיב דיך נישט ארוים נאָכאנאנד.

זי האָט געעפענט די טהיר.

— אגא, אנא, ווארט נאָר! איך וועל דיר זאגען אן אינטערע־סאנטע זאך.

ער האָט בייז געשמייכעלט, איז צוגעגאנגען צו איהר און האָט איהר איינגערוימט אין אויער:

— דו ווייסט, אז היינט ביינאכט ביזטו געווען מיט מיר אזוי היים, אזוי ליידענשאפטליך, ווי דאמאָלס אין שטורעם.

זי האָט איהם אבגעשטויסען מיט קראפט און איז ארויסגע־גאנגען.

אלץ אין איהם איז שטיל געווארען.

און אזוי, איז אלץ געענדיגט. איצט וועט ער אהיימגעהן און מארגען אין דער פריה וועט ער אהיים פאָהרען צו זיין פרוי. אגא וועט וועגען דעם גאָרנישט וויסען.

ער איז ארוים אויף דער גאס.

דער טאג איז אבגעשטארבען. עס איז פינסטער געווארען. אין דער פינסטער האבען זיך אָנגעצונדען די ווייסע, ליכטיגע אוי־גען פון די עלעקטרישע לאמפען.

אויף דער גאס איז געווען אן ענגשאפט און א שטופעריי.

— אגא! מען געהט ווארשיינליך אין טהעאטער אריין.

ער האָט געשמייכעלט.

ער איז געגאנגען מיט'ן פארק. ס'איז נישט געווען דארט קיין לעבעדיגע נשמה. א שרעקליכע, טונקעלע, בייזע שטילקייט און איינזאמקייט.

ער איז געגאנגען זעהר לאנגזאם. ער האָט נישט געהאט קיין איינציגען נערוו וואס זאל איהם נישט וועה טהאָן.

ער האָט פלוצלונג אויפגעציטערט. ער האָט דערזעהען פאַר זיך עפעס א שווארצע פיגור, — זי האָט זיך דערנעהנטערט און איז צוגעשוואומען גלייך צו איהם.

ער האָט זיך אבגעשטעלט, ווי א צוגעשמיעדטער.

די שווארצע פיגור האט זיך אויף אבגעשטעלט.

ער האט געקוקט ווי א וואהנזיניגער פאר שרעק.

און פון דער פיסטער האט זיך ארויסגעוויזען א פנים, צר־קרימט פון שרעק, אויסגעדרעהט פון וועהטאג, מיט ברייט־גע־עפענטע, בלוט־פארגאסענע אויגען.

דאס איז געוועזען ער אליין.

ער האט זיך געווארפען פאראויס, נישט וויסענדיג אליין וואס ער טהוט.

און ער האט זיך ווידער אבגעשטעלט, א וואהנזיניגער, א שרעקליכער, און מיט טעמפער פערצווייפלונג האט ער געקוקט אויף די בלוטיגע, טויטע אויגען פון דעם וואמפיר. ער האט געזע־הען, ווי דער גייסט קומט נעהנטער, נעהנטער, אלץ נעהנטער; דעם וואמפ׳ר׳ס פנים האט בעריהרט זיינס; א ציטער פון טויט איז דורכגעלאפען איבער זיין קערפער; ער האט אויפגעשריגען, פארשטעלט די אויגען און גענומען לויפען. ער האט מיט די פיס די ערד נישט אנגערייהרט, ער האט נאר געפיהלט ווי די לופט שטעהט איהם אין וועג. ער האט מעהר זיך אליין נישט געפיהלט. אין קאפ האט איהם גערוישט, געקלאפט, געדונערט, אזוי ווי די קלעפ פון א האמער. דערנאך האט ער פארלוירען דאס בעוואוסט־זיין. נאר עפעס א ווידער־קול, א ווידער־קול פון וייטע גלעקער און א קלאפען פון הארטער ערד אונטער די פאדקאוועס פון פערד. דערנאך האט ער אויפגעהערט זיין א קערפער; איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז איין גרוים הארץ, וואס קלאפט זיך אן אן דער ערד און שפרינגט אב; דערנאך איז בלויז געבליבען אן איינדרוק פון עפעס א שווארצען אבגרונד אהן וועהטאג און אהן עראינערונג. ווען ער איז געקומען צו זיך, האט ער זיך פארוואונ־דערט ארומגעקוקט.

ער איז געוועזען אין זיין צימער. יא, אהן צווייפעל...

ער האט דערקענט די קלענסטע זאך.

אין קאפ איז עפעס געוועזען א ברייטע ליכטיגקייט.

ער האט זיך טיעף פערטראכט.

דאס איז נישט געוועזען קיין האלוצינאציע. ער האט זיך אליין געזעהען אזוי קלאהר, ווי נאר מעגליך.

ער האט זיך פלוצלונג דערמאנט אן זיין אייגענעם פארט־רעט, וועלכער האט געמאכט אויף איהם אזא שרעקליכען איינדרוק יענעם אווענד.

ער האט געציטערט פון פרייד.

אלץ איז געווען קלאהר: ערגיץ אין די אונבעוואוסטזיניגע ווינקלען פון דער נשמה איז פארגליווערט געווארען דער גהינום׳־דיגער איינדרוק און אונטער׳ן איינפלוס פונ׳ם פיבער איז עס ארויסגעשוואומען אין דרויסען. יא, אהן צווייפעל: זיין פארט־טרעט, וועלכער האט זיך איינגעקריצט אין דער נשמה, האט זיך בעוויזען אויפ׳ן וואהר און אנגענומען בלוט און פלייש.

און אין פריידיגער בעגייסטערונג האט ער געוואלט זיך ווארפען אויף די קינה און דאנקען גאט וואס ער האט איהם גע־ראטעוועט.

ער איז לאנג געגאנגען איבער׳ן צימער.

ער האט פלוצלונג אויסגעשריגען:

— גאט אלמעכטיגער, וואס זשע איז דאס אזוינס?

אויפ׳ן טיש איז געלעגען א שטיקעל פאפיר, און דערויף מיט אנ׳אונזיכערער האנדשריפט איז געווען אויפגעשריבען א טעלעג־ראמע צו זיין פרוי. „קום באלד צופאהרען. מיט מיר קומט פאר עפעס שרעקליכעס."

דאס איז געווען זיין אייגענע האנדשריפט.

עס האט איהם ארומגעכאפט א טהיערישער, אונבעגרייפלי־כער, שרייענדיגער שרעק. ער האט זיכער געדענקט, אז ער האט נישט גענומען די פעדער אין דער האנד אריין.

ער האט געקוקט, געלעזען, זיינע אויגען האבען זיך בריי־טער געעפענט, ער האט דערפיהלט א שרעקליכען וועהטאג, און פלוצלונג האבען זיך די בוכשטאבען אנגעהויבען בעוועגען, האבען זיך אבגעריסען פונ׳ם פאפיר, זיינען געווארען לעבעדיג, האבען גענומען טאנצען פאר זיינע אויגען, אונטערשפרינגען און דרעהען זיך אין רייפען; — אלץ ארום איהם האט אנגעהויבען לעבען, בע־וועגען זיך... ער האט זיך געווארפען מיט׳ן גאנצען קערפער אויף דער ערד און פארשטעלט דאס פנים מיט די הענד.

ער האט געווארט, אטהעמענדיג שווער; עס האט איהם פאר־

כאפט דעם אטהעם. ער האט געפיהלט ווי אלץ ארום איהם דריקט זיך צונויף, ווערט שמעלער; עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז די ווענד דריקען זיך צונויף, אלע זאכען פאלען ארויף אויף איהם, רינגלען איהם ארום, פארשטעלען איהם דעם וועג. ער האט גע־ציטערט; און פלוצלונג, אזוי ווי פרעמדע קראפט וואלט איהם א ווארף געטהאן, האט ער זיך אויסגעגלייכט. ער האט ווידער דער־זעהען זיך אליין מיט אויסגעקרומטע, ציטערענדיגע ליפען און אוי־גען פון א וואמפיר. ער האט געפיהלט ווי די האר שטעלען זיך איהם אויפ׳ן קאפ אויף, ער האט געהערט דאס קלאפען פון זיינע אייגענע ציין, און אין קאפ — א וועהטאג, אזוי ווי דארטען וואלט געפלאצט איין אדער נאכ׳ן צווייטען.

ער האט זיך געווארפען צו דער טהיר, איז אראבגעלאפען אונטען, אזוי ווי א פרעמדע קראפט וואלט איהם געטראגען; קאלטע לופט האט אויף איהם א וועהע געטהאן; ער האט זיך אויסגע־ניכטערט.

— וואס איצטער? וואס איצטער? — האט ער איבערגע־חזר׳ט.

ער האט זיך צוגעשלעפט צום פארק, זיך געזעצט אויף א באנק, ער איז לאנג געזעסען אהן געדאנקען, אין עפעס א שרעק־ליכער אונרוהיגקייט פון טויט, און פלוצלונג האט ער דערזעהען אויפ׳ן הימעל א רויט פייער.

עפעס אן עראינערונג האט זיך שווער דורכגעשלאגען דורך דער פינסטערער נאכט פון זיין נשמה.

ער האט לייכטער אבגעעטהעמט: דאס איז דאך געווען די שטאדט, און דאס פייער אויפ׳ן הימעל — איז געווען דער אבשיין פון עלעקטרישען ליכט.

ער איז אויפגעשפרונגען פון דער באנק.

ער האט פארגעסען וועגען איהר, זיין קינד, זיין אנא, — ווי זי איז געוועזען מיט צוועלף יאהר צוריק.. ווי האט ער זי געקענט פארגעסען, זיין הייליגע זון, וועלכע האט מיט א לעבענסשעפפערי־שער קראפט צוטריבען די פינסטערניש פון זיין וואהנזין.

א פארצווייפעלטע ענערגיע האט אנגעפילט זיין נשמה. מיט גרויסע פייערליכע טריט איז ער דורכגעגאנגען דורכ׳ן פארק. נאר

ווען ער איז צוגעקומען צום מאָנומענט, האָט איהם ארומגעכאַפּט א שרעקליכע אונרוהיגקייט. און אויב זי וועט דאָרט נישט זיין?.. ער האָט זיך אונטערגע'גנב'עט ווי א גנב. ער האָט געפיהלט, אז ער וועט נישט איבערלעבען די נאַכט, אויב זי וועט דאָרט נישט זיין.

און אלץ א גרעסערער שרעק האָט איהם ארומגעכאַפּט. ער איז שוין כמעט געקראָכען אויף די קניהען, ער האָט מורא געהאַט צו־צוגעהן צום מאָנומענט; ער האָט געזעהען, ווי דער מאָנומענט האָט ארויסגעשטאַרצט אין דער טויבער שטילקייט, א קאַלטער, א גרוי־זאַמער און א שרעקליכער, אזוי ווי זיין אייגען מזל. ער האָט גע־זעהען ווי ער צושווימט זיך אין נעבעלדיגע רייפען, וועלכע שטע־הען איבער בלאָטעס; די רייפען האָבען זיך גענומען דרעהען אלץ שנעלער און שנעלער, די ערד האָט זיך גענומען דרעהען אונטער זיינע פיס, ער האָט זיך געוואַקעלט, געציטערט... פּלוצלונג האָבען א פּאָר טיעפע אויגען אריינגעלויכטען אין דעם נעבעל.

אנ'אונאויסדריקליכע פרייד האָט איהם דורכגעדרונגען ביז'ן דעק פון דער נשמה.

ער האָט אָנגעכאַפּט איהרע הענד, זיי געדריקט אין זיינע, גע־קושט, געצערטעלט, געפיהרט מיט די הענד איבער איהרע פּלייצעס, ברוסטען און געלאַכט שטיל, וואַהנזיניג, ווי א קראַנק קינד.

ער האָט פאַרגעסען אַז די וואַמפּירען, אַז דעם שרעקליכען קאַשמאַר, ער האָט פאַרגעסען, אז ער שטעהט אויפ'ן שוועל פון וואַהנזין; ער האָט אלץ געהאַלטען איהרע הענד און זיי געדריקט אין זיינע.

— א גאַנצע נאַכט האָט איך נעכטען געוואַרט אויף דיר! — האָט זי שטיל ארויסגעמורמעלט.

ער האָט געציטערט, נישט געקענט געהן, די פרייד האָט איהם אַבגענומען די כחות.

— דו האָסט מיך געראַטעוועט. ווען איך וואָלט דיך דאַ נישט געטראָפען, וואָלט איך היינט בעדאַרפט שטאַרבען; אַבער דו האָסט מיך געראַטעוועט. דו האָסט מיך ווידער לעבעדיג געמאַכט. — ער האָט זיך טיעף פערטראַכט. זי האָט עפּעס גערעדט מיט א שטילער, ציטעריגער שטימע.

— וואמפיר! —האט ער פלוצלונג דערהערט.

ער האט זיך אבגעשטעלט מיט פערוואונדערונג.

— און ווייסטו, אז נאר איינער דורכ׳ן אנדערען קענען מיר ווידער אויפלעבען? — האט זי געהיימניספול געזאגט.

— און דו, דו אויך? — האט ער ארויסגעזיפצט.

זי האט נישט געענטפערט.

— דו ביזט דא, מיט מיר? דא? דא? — האט ער געפרעגט מיט שרעק.

ער האט איבערגעפיהרט מיט זיין האנד איבער איהר גאנצען קערפער.

— דו ביזט מיט מיר? — האט ער ווידער געפרעגט.

ער האט געציטערט און קוים גערעדט.

— איך בין מיט דיר, שרעק דיך נישט. איצט נעהם איך דיך אן ביי דער האנד. פיהלסטו מיין האנד? אך, ווי דיין האנד גליהט!

ער האט זיך בערוהיגט.

— דו ביזט דא, אנא? — האט ער געפרעגט א ווייל שפע־טער.

— דאס איז דיין וואמפיר?

ער האט געשאקעלט מיט׳ן קאפ.

— ביזטו נישט אגא? — האט ער געפרעגט נאך א לאנגען שווייגען.

— ניין.

ענדליך זיינען זיי אריין אין טויער פון עפעס א הויז. איצט האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער געהט איבער לאנגע גאלערעען און קארידארען, דורך א רייהע פוסטע געהמייניסלפולע צימערען. ער האט געהערט דאס שטילע ווידער־קול פון זיינע טריט, אזוי ווי די טעמפע, ריטמישע קלעפ פון א הארץ.

— איך האב נישט קיין מורא! — האט ער פלוצלונג געזאגט.

א לאנגע ווייל איז פארביי.

— דא! — האט זי זיך, ענדליך, אנגערופען.

ער האט אבגעעטהעמט מיט דער פולער ברוסט.

— אך, וואס פאר א שרעקליכע מיעדיגקייט! — ער האט

נישט געקענט אונטערשיידען וועמענס שטימע דאָס איז, — איהרע צו זיינע.

— פיהלסטו מיך? איך בין מיט דיר! — זי האָט קרעפטיג געדריקט זיין האַנד.

ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזאַ טונקעלע שטימע. דאָס איז געוועזן אַ טונקעלער סאַמעטענער קערפּער, ווי נאָר אַגאַ האָט געהאַט.

ער האָט דערפיהלט ערגיץ אַ שרעקליכען וועהטאַג.

— רעד, רעד מיט מיר! — ער האָט שטאַרק געדריקט איהרע הענד.

— אַך, ווי קראַנק דו ביזט, ווי קראַנק. — האָט זי שטיל איי־בערגע'חזר'ט און צוגעדריקט איהר פּנים צו זיינס.

און זיי זיינען לאַנג געזעסען צוקאָפּענס פון בעט.

אין איהם איז אַלץ שטיל געוואָרען. עפּעס אַן אונפערשטענד־ליכע גליקזעליגקייט האָט זיך צוגאָסען אין זיינע אָדערען.

— ווי גוט דו ביזט! ווי אונענדליך גוט! — האָט ער געמור־מעלט און געקושט איהרע ליפּען.

— איצט לעג דיך! איך וועל שלאָפען נעבען דיר. זעהסט, דו האָסט דיך שוין בערוהיגט. דאָס פיבער איז פאַרביי.

זי האָט זיך אויסגעטהאָן און געלייגט נעבען איהם.

—איך וועל דיך איינהילען אין מיינע האָר, — האָט זי גע־מורמעלט און צולאָזען די האָר... מיינע האָר זיינען אַזעלכע לאַנגע. איך קען אין זיי איינהילען דעם גאַנצען קערפּער.

— דיינע האָר זיינען ווייך, ווי זייד. אַה, נאָך צאַרטער!

— דיינע האָר זיינען שוואַרץ? — האָט ער געפרעגט אין אַ ווייל̇ע אַרום.

— ניין.

— און די אויגען — שוואַרץ?

— ניין!

זיי האָבען לאַנג געשוויגען.

—איך וועל דיר אַ קוש טהאָן דאָ, אין דער ברוסט, — האָט זי געזאָגט. — דיין קערפּער ברענט און מיינע ליפּען זיינען קאַלט.

— נאָך נאָך...

זי האט איהם לאנג געקושט, דערנאך האט זי איהם ארומגע־נומען מיט די הענד, געלעגט איהר קאפ אויף זיין ברוסט, דער שטראם פון איהרע האר האט זיך צוגאסען איבער זיין גאנצען קער־פער.

— דו וועסט שוין קיינמאל נישט אוועק פון מיר — וועסט מיך נישט לאזען אליין? — האט זי געפרעגט מיט ציטערדיגע שרעק.

— ניין, ניין, קיינמאל נישט! — אה, ווי גוט מיר איז מיט דיר!

עס האט שוין געמוזט זיין האלבער טאג און ער האט זי א גאנצען טאג נישט געזעהען. ענדליך האט ער זי ארויסגעטריבען פון זיין הארץ.

און איז פטור געווארען פון זיין וואמפיר — אויף שטענדיג.

ער האט א שמייכעל געטהאן. ער האט געשמייכעלט די גאנצע צייט, שטיל און געהיימניספול.

אימיצער האט אנגעקלונגען.

ער האט זיך אויפגעריסען און האט געציטערט.

— דאס איז זי! זי! — ער האט זי געפיהלט ארום זיך... ער וואלט זי אצינד געפיהלט אויף א מייל ווייט.

ער האט זיך צוגעדריקט צו דער וואנד. — איך וועל נישט עפענען! איך וועל נישט עפענען!

ווידער א לאנגער קלונג.

אגא איז אריינגעקומען. די דיענסט האט איהר געעפענט. און ער האט געקענט נישט לאזען.

זי האט זיך איינגעפרעסען מיט די שלעכטע, האסענדיגע אוי־גען אין מארך פון זיינע ביינער.

זי האט זיך געזעצט אנטקעגען איהם און לאנג נישט גערעדט קיין ווארט.

פלוצלונג האט זי אנגעבויגען דעם קאפ און אנגעהויבען מיט א בייזער, גיפטיגער שטים:

— און וואו האסטו דיך דאס נעכטען בעהאלטען פון מיר? אזוי ווי דו וואלסט אין דער ערד אריינגעפאלען.

— איך האב מיך גארנישט בעהאלטען פון דיר, — האט ער רוהיג געענטפערט. — איך האב מיך נישט געהאט פארוואס צו בע־

האלטען. איבריגענס, איך האב דיך נישט געוואלט זעהען.

ער האט אויפגעציטערט פונ'ם גהינום פון איהרע אבגרונדלא־זע אויגען האט א גאס געטהאן א הייסע כוואליע פון קראנקען האס.

— ביי איהר ביזטו געוועזען! — פארוואס האסטו מיר מורא דאס צו זאגען? — זי האט צונויפגעדריקט די ציין. — א גאנצע נאכט ביזטו געוועזען ביי איהר און דעם גאנצען נעכטיגען טאג!

נעדריקער צארן און האס האבען געציטערט אין איהר שטימע.

— יא, איך בין ווירקליך געוועזען ביי איהר, ביי מיין אגא — דו ווייסט, וואס איך וויל זאגען? ביי מיין אגא, ביי דער פון צוועלף יאהר צוריק... חא, חא... — האט ער ביין געלאכט. — אבער וואס געהט דאס דיך אן? גער, אפשר, חע־חע־חע... אפשר ביזטו אייפער־זיכטיג?

— איך ערלויב דיר נישט, איך פארביעט דיר זיך צוצוריה־רען צו אנ'אנדער פרוי. פארשטעהסט? איך וויל נישט. איך וויל נישט. איך וויל נישט!

זי האט געשריגען מיט א קורצען, אבגעריסענעם, געדריקטען געשריי.

ער איז געווארען ערנסט, דער קאפ איז איהם אראבגעפאלען אויף דער ברוסט; ער האט איהם אונטערגעשפארט מיט די הענד.

— מיין נשמה איז ווי א דערשראקענער פויגעל; זי איז זעהר שעהמעוודיג. דו האסט איבערגעשראקען מיין נשמה. דו ביזט גראב געוועזען מיך האט אמאל ארומגעכאפט א שרעק; איך בין געלאפען ווי א וואהנזיניגער און האב פלוצלונג דערפיהלט, אז איך בין איין גרויס, קלאפענדיג הארץ. דאס איז דער סימבאל פון מיין גאנצען וועזען. איך בין אינגאנצען איין פארצווייפעלט הארץ. און דאס הארץ איז פול מיט טיעפער שאנד. שאנד פארפריהרט, דערשרעקט און נים א האס צו מענשען. איצט האב איך נישט קיין הארץ, איך פיהל עס נישט, עס האט זיך בעהאלטען אין דער שאנד מיט וועה־טאג. דו האסט נישט רחמנות געהאט אויף מיין שאנד, אויף מיין שאנד...

ער האט אויף איהר א קוק געטהאן. איהם האט זיך אויסגע־וויזען, אז ער זעהט אין איהרע אויגען גרויסע, פינקלענדיגע טרעה־רען.

ער האט אראבגעלאזט די עלענבויגענס אויף די קניהעו, און אונטערהאלטענדיג דעם קאפ מיט די הענד האט ער אנגעהויבען זעהר טרויריג:

— אצינד צוםביישפיעל, דוכט זיך מיר, האב איך געזעהען טרעהרען אין דיינע אויגען, אבער אפילו מיין שאנד שרעקט זיך. איך גלויב נישט אין דיינע טרעהרען.

זי איז פלוצלונג געפאלען פאר איהם אויף די קניהעו. זי האט איהם אנגעכאפט ביי די הענד, ארומגענומען זיינע פיס, געריבען איהר קאפ אן זיינע קניהעו און געקושט זיי מיט א מאדנע קראנקען וואהנזין.

זי האט אנגעצונדען זיין נשמה מיט דעם פייער און ליידענשאפט, מיט דער בעטענדיגער צערטליכקייט, — א פארלאנג איז לאנגזאם אריינגעקראכען אין זיין בלוט, האט זיך אריינגעריסען מיט קראפט אין זיינע נערוועו.

ער האט זיך בעהערשט און האט ביסלעכוויין בעפרייט זייגע הענד פון איהרע ארעמס.

נאר זי האט זיך פלוצלונ געווארפען אויף זיין האלז, ארומגעוויקעלט איהרע הענד. — ער האט זיך אויסגעגלייכט, געוואלט זי אברייסען פון זיך, אבער זי איז געבליבען הענגען אויף זיין ברוסט, האט זיך איינגעגעסען מיט די ציין אין זיינע ליפען, זיין האלז.

איהם איז פינסטער געווארען אין די אויגען. זינלאז האט ער זיך אריינגעווארפען אין דעם גהינום פון גליק און שרעק.

— האסטו... האסטו מיך ליעב? — האט ער קוים ארויסגערעדט.

זי איז געבליבען ביי זיינע ליפען. האט זיי געזויגען דורשטיג, ווילד, — האט זיך נישט געקענט אנזעטיגען.

און פלוצלונג האט זי איהם אבגעשטויסען פון זיך מיט קראפט.

— דו ביזט קאלט, קאלט... דיך דארף מען נעמען, נעמען, ווי א פרוי, מיט וואהנזין, מיט ווילדקייט... — א הר שטימע איז הייזעריג געווארען און נידריגער. — חא, חא, חא... מיר האבען זיך געביטען מיט די ראלען. דו ביזט געווארען א פרוי! חא, חא, חא! דאס איז אינטערעסאנט — פלוצלונג צו דערפיהלען זיך אלס פרוי...

זי האָט איהם געפייניגט מיט בייסענדיגער גיפטיגקייט.

ער האָט געקוקט אויף איהר מיט פערוואונדערונג. דערנאָך איז זיין נשמה פארטעמפט געוואָרען. ער האָט נאָר געזעהען פאר זיך איהרע אויגען, וואָס האָבען געשפריצט מ ט האס און פעראכטונג.

— איבריגענס, וואָס געהסטו מיך אָן? געה, געה דיר צו דיין מיידעלע! — זי האָט געשריגען און זיך דערביי געוואקעלט.

פּלוצלונג האָט ער דערזעהען, אז זי טראָגט א גראה קלייד.

— פארוואָס האָסטו נישט אָנגעטהאָן דאָס שווארצע זיידענע קלייד?

זי האָט זיך דערשראָקען. איז ער, ווירקליך קראנק? אָדער איז דאָס בלויז א קאָמעדיע?

— דאָס רעגט דיך זעהר אויף, — האָט זי פּלוצלונג געענטפערט מיט א נאקעטען ציניזשען געלעכטער. — דו דארפסט אויסמיידען אלע פיזישע אויפרעגונגען... חא, חא, חא... דיינע נערוועז זיינען צו שוואך, פאר דעם שטענדיגען עראָטיזם, אין וועלכען דו לעבסט אייביג... דאָס איז דיין גאנצע קראנקהייט.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

זיי האָבען לאנג געשוויגען.

פּלוצלונג איז זי צוגעגאנגען צו איהם.

— קום צו מיר היינט ביינאכט צעהן א זייגער. די מאמע איז אוועקגעפאָהרען.

— איך וועל נישט קומען.

— וועסט קומען. — האָט זי געשמייכעלט.

— איך שווער דיר, אז איך וועל נישט קומען! — האָט ער הייזעריג געשריגען. — איך שווער דיר! — ער האָט געטופּעט מיט די פיס אין ווילדער אונמאכט.

— וועסט קומען! — האָט זי געזאָגט זעהר ערנסט.

איהם האָט זיך געדוכט, אז דער צאָרן וועט צוזעצען זיין מח. ער האָט דערפיהלט א טהירישען פערלאנג צוצוקוועטשען זי... דער־הרג'ענען... דער'הרג'ענען! האָבען אין איהם אלע געפיהלען גע־שריגען: אזוי ווי דרעהענדיגע פייערען האָבען געטאנצט די געדאנ־קען אין זיין מח: ער איז צוגעגאנגען צו איהר מיט צונויפגע־דריקטע פויסטען.

— דו וועסט קומען צו מיר היינט אווענד צעהן אזייגער,—

האט זי איהם איינגערוימט אין אויער און איז ארויס פון צימער.

— איך וועל נישט קומען! — האט ער גערעוועט ווי א ווילדער און זיך געווארפען אויף דער ערד. זיין נשמה האט זיך בענגאַסען מיט'ן בלוט פון טויזענד וואונדען.

און פלוצלונג האט ער ווידער דערזעהען איהם, איהם — זיך אליין.

דאס בלוט האט זיך אבגעשטעלט אין הארץ. א טויטליכער אנגסט איז איהם ארויסגעטראָטען איבער'ן גאנצען קערפּער.

ער האט פארמאכט די אויגען און זיך צוגעדריקט צו דער וואנד.

— איצט וועל איך מיך קיינמאל פון איהם נישט בעפרייען. איך וועל מיך דארפען צוגעוואוינען.

ער האט לאנג געזעדם צו זיך אליין שטילערהייט, און בעמיהט זיך צו בערוהיגען.

פלוצלונג האט ער דערפיהלט א שרעקליכע נייגעריגקייט: ווי זעהט אויס זיין פנים? ער האט געעפענט די אויגען—איז עס פארשוואונדען.

אבער ער האט עס געפיהלט ארום זיך. עס איז געווען,—געווען. עס האט אנגעפילט דעם גאנצען צימער, זיין פנים.

אן אונענדליכע פערצווייפלונג האט זיך מיט בייסענדיגען גיפט דורכגעזאפט דורך די צארטסטע פארען פון זיין נשמה.

ער האט געלאכט מיט א ווילדען געלעכטער.

— נו, וואס זשע טהוט מען? אייגענטליך פארשטעה איך דאך נישט די שרעק און די פערצווייפלונג. איצט וועל איך שוין קיינמאל נישט זיין אליין. איך וועל שטענדיג האבען געזעלשאפט, שטענדיג וועט אימיצער זיין מיט מיר. און קען דען זיין א בעסערע געזעלשאפט, ווי איך אליין?

זיין מח איז פלוצלונג אונמעכטיג געווארען. ער האט פארלוירען דאס בעוואוסטזיין.

4.

ווען ער האט זיך אויפגעכאפּט איז שוין אין צימער געווען אינגאנצען פינסטער.

ער האט זיך אויפגעריסען מיט א ווילדער שנעליגקייט; שוין

האלב צעהן דער זייגער.

ער האט א מינוט נישט געטראכט, און איז שנעל אוועק צו אנא'ן.

פאר איהר הויז האט ער זיך אבגעשטעלט און געשמייכעלט.

ער האט גערעדט מיט זיך אליין זעהר פריינדליך און גוטמו־טהיג, — און איז ארויף אויבען.

אין דער טהיר איז געשטאנען אנא, ציטערענדיג; עם האט זיך אויסגעוויזען, אז זי וועט אויף די פיס נישט איינשטעהן.

ער האט אלץ געזעהען מיט אנ'אוננאטירליכער, קרענקליכער קלאהרקייט אויפ'ן פנים א פיבערהאפטע רויטקייט. די אויגען איינ־געפאלען, אונטער זיי — בלאהע רייפען. זי האט שווער געאטהעמט. זי איז געשטאנען פאר איהם אין דעם שווארצען זיידענעם קלייד, און די נאקעטע הענד זיינען געווען אין די לאנגע רויטע הענטש־קעס ביז איבער די עלענבויגענס.

— דאס איז פאר דיר, פאר דיר, מיין איינציגער, מיין טהייי־ערער... גאנצע שטונדען האב איך מיך געפוצט פאר דיר. האסט מיך ליעב אזוי? זאג, זאג...

ער איז פלוצלונג געקומען צו זיך. ער האט געקוקט אויף איהר מיט גיעריגער פערוואונדערונג.

— ווי שלאנג דו ביזט און בויגזאם... ווי א פאנטער, ווי א פינקעלדיגער שווארצער פאנטער... און דיין יעדע בעוועגונג, דיין יעדער בויג פון קערפער... — האט ער געמורמעלט.

— גיב מיר א קוש דא... דא, — קוש מיין אקסעל...

זי האט געלאכט היסטעריש.

— מיר געזעגענען זיך ביי דעם מאהלצייט. איך פאהר היינט אוועק!... יא! היינט ביינאכט, ווייט אויפ'ן ים...

— אויפ'ן ים? — האט ער איבערגע'חזר'ט. איהם האט גאר נישט געוואונדערט, וואס זי וויל פאהרען איבער'ן ים.

— נו, קום, קום, זעץ דיך נעבען מיר. איך האב געהייסען ברענגען וויין, אה, פיעל וויין! מיר וועלען היינט טרינקען, אזוי ווי מיר האבען נאך קיינמאל צוזאמען נישט געטרונקען!

זי האט לאכענדיג געלעגט דעם קאפ אויף זיין ברוסט, איהם ארומגענומען מיט די הענד און געמורמעלט:

איך האָב זיך אויך איינגעלאָדען צו דעם געזעגנונגס־מאָהל־צייט. איך וועל שוין מעהר נישט צוריקקומען... גיב, גיב מיר דיינע זיסע, שעהנע, איננלערישע הענד... דיינע טייערע, גאָלדענע הענד... אך, ווי איך האָב זיי ליעב!... ווי איך בענק נאָך זיי... זעה, זעה, איך בין ווידער דיין אָגאָ, יענע אָגאָ, וואָס איז געגאַנגען נאָך דיר טריט ביי טריט, וועלכע האָט זיך ווי א קאָץ געריבען אָן דיין נאָ־קעטען קערפּער... אה, איך פיהל דיך אזוי שטארק... דאָ... דאָ... אויפ'ן גאַנצען קערפּער. דו האָסט זיך אזוי איינגעברענט אין מיר מיט דיין גאַנצען קערפּער, ווען דו האָסט מיט געטראָגען אין וואַ־סער אריין... דו ווייסט נישט, ווי שטאַלץ מיין נשמה איז... איך האָב אויף קיין מאן נישט געקוקט, אויסער דיר. איך ווייס נישט ווי זיי זעהען אויס. אזוי פיעל זיינען פארביי מיינע אויגען און איך האָב נישט געוואוסט אפילו, אז דאָס זיינען מענער, — דאָס זיינען הינד, טויטע זאכען, געשלעכטלאָזע בעשעפעניששען... נאָר דו, דו ביזט אייביג געווען פאר מיינע אויגען. דער אָטהעם פון דיין קערפּער איז געווען אויף מיין קערפּער, יעדער קלאַפּ פון דיין הארץ — אלץ האָט זיך אָנגעצונדען אין מיין נשמה. און איך בענק!— ווען דו ווייסט, ווי שרעקליך איך בענק... און זעה, מיין גאַנצע נשמה געהערט נאָר דיר און האָט דיר שטענדיג געהערט... קיינמאָל, אפילו אויף א טויזענדסטען טהייל פון א סעקונדע איז אין איהר קיין געדאנק פון אַנ'אַנדערען נישט אריינגעקראָכען... זאָג, ביזטו נישט שטאָלץ דערמיט, וואָס דו האָסט בעהערשט אזא נשמה? ביזטו נישט שטאָלץ דערמיט, וואָס איך געהער צו דיר? איך בין אויס־געוואַקסען מיט דיר און אין דיר, אין דער וואַרימקייט פון דיין קער־פּער, פון דיין נשמה, אין דעם קלאַפּען פון דיין הארץ, און איך בין געוואָרען דאָס וואָס איך בין אַצינד. איך האָב געעטהעמט מיט דיר... איך האָב מיך געשפּייזט מיט דיר... דו... דו... בלוט מיינס... מאן מיינער!... מאן מיינער. — זי האָט געצערטעלט איהר געהער מיט דעם וואָרט — מאן מיינער!... — האָט איהר געענטפערט א שטיל ווידער־קול אין דער נשמה.

זי האָט זיך געלייגט צו איהם אויף די קניהען, געדריקט זיך צו איהם מיט'ן גאַנצען קערפּער, שטיל געלאַכט צו זיך אליין. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעריסען און געטרונקען זיינע קושען, זי

האט געוואלט אויסזויגען די נשמה פון איהם.

און פלוצלונג ווידער:

— נו, טרינק, טרינק! חא, חא, חא! ווען מיר זאלען זיך היינט טאקע אינגאנצען אנ'שיכור'ן!... זי האט זיך צולאכט שטי־פעריש ווי א קינד...

— דו געדענקסט, ווען מיר זיינען געווען צוגאסט ביים פעטער? געדענקסט, ווי מען האט אונז פערמאכט אין א קעלער? דאס איז געווען שרעקליך, אבער נישט פאר אונז... מיר האבען נאר דאס געוואלט... חא, חא, חא...

זיי האבען מיט אמאל אויסגעטרונקען די גלעזער און ווידער זיך היים גענומען פאר די הענד.

— אגא, אגא, איינציגע, צארטע, גאלדענע מיינע, — איך דערקען דיך נישט... דו ביזט אזא, ווי דו ביזט געווען אמאל, מיט צוועלף יאהר צוריק...

זי האט געקוקט פארטראכט אין דערוויטקייט און דערנאך געזאגט:

און דו ליעבסט מיך? ליעבסט מיך אצינד? איך פיהל ווי אונענדליך דו ליעבסט מיך. דיין נשמה ברענט, זי רייסט זיך צו מיר, צערטעלט און אומארעמט מיך; דיין בלוט רינט אין מיינס, אין מיין נשמה — איז די פרוכט פון דיין נשמה. פון דיין נשמה, מיט'ן גאנצען גהינום פון וועהטאג און ליידען. דו הערסט וואס איך רעד? הערסט? הערסט, פיהלסט, אז דאס רעדסטו אין מיר, דורך מיר? דו האסט מיך אויסגעלערענט רעדען, דו האסט פארזייעט און ערצויגען דיינע ווערטער אין מיין נשמה...

זי האט זיך צערטליך צואוויינט, צודריקענדיג זיך צו זיין קערפער.

— איך האס, פעראכט דעם פערשטאנד. איך האב נישט קיין פערשטאנד. איך וויים נישט וואס איך טהו, וואס איך רעד. איך האב אנ'אונענדליכען עקעל צום געזונדען פערשטאנד פון אלע מענשען ארום מיר. גאט, ווי זיי האבען מורא פאר ליידען!... ווי זיי דורשטען נאך גליק, נאך דעם נארישען גליק! יסורים זיינען פאר זיי ערגער פון א מכה. חא, חא, חא, די ארעמע בירגערליכע פרויען, די בירגערליכע מיידלעך מיט זייער נדן, — זיי דורשטען נאר נאך

גליק. נישט אמת? אבער מיר נישט, ניין, ניין!

זי האט זיך שטיל צולאכט.

— אמת? די בירגערליכע טעכטער דארפען האבען פער־שטאנד; אבער נישט מיר, וועלכע שטאמען פון דער שלאכטע — מיר דארפען נישט קיין פערשטאנד... און איך... גיב נאר א טראכט — איך, דאס קינד פון דיין נשמה, איך, איך בין דאך דאס בלוט פון דיין בלוט...

זיי זיינען אריינגעפאלען אין א מאדנע קראנקע בעגייסטערונג. די ווערטער זיינען זיי פארגליווערט געווארען אין האלז. זיי האבען זיך צוגעדריקט איינער צום אנדערען שטארק, ליידענשאפטליך, מיט פערצווייפלונג.

זיי האבען לאנג געשוויגען.

זי האט זיך ווידער צוגעדריקט צו איהם מיט'ן גאנצען קער־פער.

— אך, ווען איך וואלט פריהער געוואוסט, ווי אונענדליך זיס, ווי גוט און היימליך עס איז אין דיינע ארעמס.

ווידער א פויזע.

זי האט זיך פלוצלונג א ריס געטהאן.

— זאג מיר אפענהערציג, ביזטו ווירקליך געווען ביי איהר, ביי דעם מיידעלע, כמעט א קינד, ווי דו האסט זי אנגערופען?

— וואס רעדסטו? וואס?

— ביזט געווען ביי איהר?

ער האט צונויפגענומען אלע זיינע קרעפטען.

— ניין!

— זאגט נישט קיין ליגען, — האט זי אומעטיג געזאגט... — איך בין דאך אין אלעם שולדיג, איך בין אפט געווען אונערטרעג־ליך, גראב!

— ניין, ניין, אגא; גאלדענע אגא, ניין, דו ביזט קיינמאל נישט געווען גראב... מיינע... מיין אגא... אה, דו, דו איינציגע מיינע!

ער איז געפאלען צו איהרע פיס און געקושט זיי.

זי האט איהם אויפגעהויבען, געהאלטען זיין קאפ אין איהרע הענד און גערעדט מיט א וואהנזיניגען שמייכעל:

— איצט איז שוין אלץ געענדיגט.

— אלץ געענדיגט — האט ער איבערגע'חזר'ט.

א לאנגע, לאנגע, טרויעריגע, פער'עקשנ'טע פויזע.

— נישט צוזאמען...

— וואס ?

זי האט א שמייכעל געטהאן ווי א וואהנזיניגע.

— נישט צוזאמען... דו האסט מיך פערשטאנען ?

— מיר וואלטען געשטערט איינער דעם אנדערען.

— אמת.

און ווידער האט געהערשט א לאנגע פויזע, פול מיט צערט־ליכקייט און ליידען.

זי איז פלוצלונג אויפגעשטאנען.

— לאמיר נישט זיין טרויעריג, צארטער מיינער. טרינק ! טרינק !

זיי האבען געטרונקען מיט א קרענקליכער שרעק און איילענ־דיגקייט. און ווידער זיינען זיי לאנג געזעסען און זיך געטוליעט איינער צום אנדערען.

— אגא ! נישט קיין אויסוועג ?

— ניין. איצט שוין נישט !

— הער... און ווען מיר וואלטען פלוצלונג אוועקגעפאהרען און אראבגעווארפען פון זיך אלץ, ווי א שלעכטען, בייזען, פייני־גענדען קאשמאר ?

— איך קען נישט זיין דיינע ?

— פארוואס ?

— איך ווייס נישט... — זי איז אויפגעשפרונגען... — ניין, איך קען נישט !

— רעד נישט מעהר וועגען דעם, — דאס איז אלץ אומזיסט.

— האט זי גערעדט אנ'אויסגעפייניגטע.

— דאס ערלויבט דיר דיין פערשטאנד נישט ?

— אך ,ניין, ניין, גוטער מיינער ! דאס איז עפעס אזוינס, וואס איך ווייס נישט. איך בענק נאך דיר אזוי, אז א וואהנזיון כאפט מיך ארום...

— דו ביזט דער שטארקסטער פון אלע מענשען. וואס איך

קען נאר. דו ביזט פאר מיר דער גרעסטער קינסטלער — און דאך וואלט איך מיט פערגעניגען אוועקגעגעבען דיין גאנצע קונסט פאר א קליינטשיגען טהייל פון זיין נאקעטען קערפער. זעה, זעה מיינע אקסלען, מיינע הענד, אזעלכע שעהנע, אזעלכע קליינע אזוי ווי פון דאמאסקער שטאהל געמאכט. אך, ווי אפט איך האב מיט די הענד ארומגעוויקעלט דיין קערפער, ווי אפט האט זיך מיין קער־פער געוויקעלט אין די הייסע נעכט ארום דיין קערפער... איך האב מיך געווארפען אוים בענקשאפט נאך דיין קערפער... אבער... אבער, — אבער פאר דער לעצטער צייט רייסט אונז עפעס אב איינעם פון׳ם אנדערען. עס לאזט אונז נישט האבען דאס, נאך וואס מיר דורשטען מיט אזא וואהנזין... איז דאס אפשר די בלוט־פערוואנדשאפט ? די שרעקליכע פערוואנדשאפט ? פיהלסטו דאס?

— דוכט זיך איך פיהל דאס... איך ליעב דיך !

זי האט זיך געווארפען צו איהם אויף דער ברוסט, אויפ׳ן האלז און געקושט איהם אהן א סוף.

— ווייסט, טהייערער מיינער, — האט זי איהם איינגערוימט,

— איצט האט מען אונז ווידער פארמאכט אין קעלער, אין פינסטערען, פארשימעלטען קעלער... ווי זיס דאס איז, ווי מאדנע זיס !

זיי האבען זיך געשטיקט פון געלעכטער.

— און דו הערסט, וואונדער מיינער, גן עדן מיינס, — הערסט, הערסט ? הו... הו... — דאס איז די נאכט, די שווארצע נאכט. הערסטו ווי די פלעדערמייז קלאפען מיט די פליגלען אין די שויבען ? און די פאסקודנע זשאבעס, וואס קריכען איבער׳ן קע־לער... אבער מיט דיר איז דאס זיס, דאס שרעקליכע, איז א זיסע בעפרידיגונג.

— הו, הו... — האט ער געלאכט מיט א ווילדען געלעכטער.

— און, פיליכט, זענען מיר ביידע פון זינען אראב ? — האט זי געפרעגט מיט שרעק. — אבער וואס געהט עס אונז אן ?

פלוצלונג האט זי זיך געווארפען צו איהם.

— גיב מיר א קוש דא, דא, — זי האט שנעל געעפענט איהר קארסעט־וועסט... — דו האסט מיך שוין אמאל געקושט דא. איך וועל דאס קיינמאל נישט פארגעסען, זעה, א רויטער פלעק, דו

האָסט איהם אויסגעברענט מיט דיין קוש... דיין קוש האָט זיך צר־גאָסען איבער מיין קערפּער ווי פליסיג פייער. א ציטער לויפט דורך איבער מיין קערפּער, אזוי ווי לאַנגע, דינע שלאַנגען...

זי איז שטיל געבליבען. האָט געציטערט און זיך איינגעגראַ־בען מיט די הענד אין זיינע האָר. ער האָט זי געקושט, געביסען, און זיינע גליהענדיגע ליפּען האָבען געבלאַנדזשעט איבער איהרע ברוסטען...

— נאָך, נאָך! — איז זי פון זינען אראָב.

ער האָט געריסען איהר העמד און געקושט די ברוסט.

זיי האָבען געציטערט ווי אין פיעבער. דער פערניכטענדער עקסטאַז פון בעגעהרען האָט געריסען זייערע נערווען.

ער איז אויפגעשפּרונגען.

—גענוג! גענוג! מיין קאָפּ וועט פּלאַצען...

זי האָט זיך אבגעריסען פון איהם און אין דערזעלבער מינוט זיך ליידענשאַפטליך צוגעדריקט צו זיין קערפּער.

און האָט גענומען זיין קאָפּ מיטביידע הענד, איהם צוגע־דריקט צו דער ברוסט און האָט איהם איינגערוימט אין אויער:

— און ווען מיר זאָלען אצינד שטאַרבען?

און איז פּלוצלונג אויפגעשטאַנען, געקושט זיינע אויגען, גע־רעדט, גערעדט און געלאַכט.

— אה, דו, דו! פאַרוואָס זאָגסטו נישט, אז איך בין א סענ־טימענטאַלע? האָט איצט געהאַט אזא גלענצענדע געלעגענהייט זיך כוקם צו זיין. אה, דו מיין איינציגער... דיין נשמה איז גרויס און שעהן, דו נעהמסט נישט קיין נקמה. איך האָב ליעב דיין נשמה, איך האָב ליעב דיין שרעקליכען, טיעפען טרויער. מיר קענען נישט קיין פרייד, מיר זיינען די קינדער פון די בלאַטעס. אך, ווי איך האָב ליעב אין דיר די טיעפענישען און די אבגרונדען. אלץ אין דיר איז — אנ'אבגרונד. אלץ אין דיר איז אזוי טיעף און שרעקליך און פערצווייפעלט. דו ביזט פאַר מיר הייליג און ריין מיט דיין וואהנ־זין און פיבער. זאָג, דו האָסט אָפּט האַלוצינאַציעס? דו ביזט דער איינציגער וואָס טראָגט ליידען. און דו קעמפּפסט נישט מיט די יסורים. דו האָסט ליעב יסורים און פּיין...—זי האָט איהם ארומגענו־מען ביים האַלז... — און איך, איך אויך, איך האָב אויך ליעב

יסורים... ערלויב מיר צו זאגען, איך האב אזוי לאנג געוואלט אלץ ארויסזאגען... איך האב דיך ליעב דערפאר וואס דו האסט דעם פערשטאנד און וועסט דיך בעסער טויזענד מאל ווארפען אין אב־גרונד אריין איידער אויסשטרעקען די האנד נאך א מינוט גליק.

זי האט לאנגזאם געריבען איהר פנים אן זיינס.

— לאך, גאלדענער מיינער, — לאך! — ער האט געלאכט.

— זיינען מיר פון זינען אראב? — האט זי געפרעגט.

— יא.

זייערע הענד האבען זיך צונויפגעפלאכטען.

— גנה, גנה זשע, — האט זי איהם געבעטען קלאגענדיג— משוגעת וועט אונז ארומכאפען, — משוגעת!... גנה, גנה!...

— איצט וועל איך שוין אייביג בלייבען מיט דיר! — האט ער געזאגט קאלט און הארט... — איך וועל מיך נישט ריהרען פון דאנען.

זי האט געקוקט אויף איהם, פארגליווערט פון שרעק.

— אך, ווי שטארק דיין ווילען איז. דיין ווילען האט זיך מיט א שרעקליכער קראפט אריבערגעגאסען די ברעגען. איצט בין איך אין דיין מאכט. דו ביזט אזוי אונענדליך שטארק... גנה, צארטער מיינער, גנה, מיין קאפ וועט פלאצען, און די ברוסט ברענט אין פייער... קוש מיין ברוסט... נאך אמאל... אך, ניין, ניין! איך פיהל א פייער אין מיין גאנצען קערפער...

זי איז געפאלען צו זיינע פיס.

זיין נשמה האט געקעמפפט מיט א טעמפע פערצווייפלונג. דאס געפיהל האט זיך אבגעריסען פונ'ם ווילען. ער איז געווען אונ־מעכטיג. א טעמפע, ברייטע פוסטקייט האט געעפענט איהרע טיע־פענישען אין זיין מח.

זי האט זיך געזעצט אויף זיינע קניה, צוגעדריקט דעם קאפ צו זיין ברוסט און געוויינט.

דערנאך האט זי געקושט זיין פנים, די אויגען, די ברוסט און האט איהם ווידער געקוקט אין די אויגען מיט א קראנקען בליק, אין וועלכען די פערצווייפלונג האט זיך שוין איבערגעבראכען אין עפעס וואס האט שוין געוויינט אויסער די גרענעצען פון יעדען טרויער.

— געה זשע, געה!

ער איז אויפגעשטאנען. זיין נשמה איז געווען טויב און שטום.

זי האט איהם צוגעפֿירט צום פענסטער.

— זעה! זעהסט דעם ים? אך, ווי זיס, ווי גוט עס וואלט געווען צו ליעגען דארט אין דיינע ארעמס... אבער ניין, ניין! איך האב ליעב דיין פרוי!... זי וועט דאס נישט איבערלעבען... ניין! ניין!... דאס זיינען צו שרעקליכע יסורים — לעבען כאטש איין מינוט מיט דער שרעקליכער עראינערונג, אז דו ביזט מיט דיין שוועסטער אויפ'ן גרונד פון ים...

— איך וועל געהן אליין, — זי האט זיך הויך צוקלאגט, — אליין, אליין...

— יא, אליין — און איך אליין... — האט ער גערעדט טיעף פארטראכט.

— און איצט געה! — זי האט איהם אראבגעפיהרט אונטען. זיי זיינען אריין אין גארטען.

זיי האבען זיך אבגעשטעלט.

— לאמיר זיך דורכגעהן אין גארטען, — האט זי געמורמעלט.

זיי זיינען ארומגעגאנגען דעם גאנצען גארטען, נישט אויסרעדענדיג קיין ווארט.

ביים טויער האבען זיי זיך אבגעשטעלט.

— איך וועל נישט געהן, אגא, — איך וועל שוין אייביג בלייבען מיט דיר.

זי האט זיך אווארף געטהאן צו איהם, איינגעגעסען זיך מיט די ציין אין זיין האלז און איהם צוריסען.

ער האט א קרעכץ געטהאן.

ער האט געהערט ווי דאס אייזערנע טהירעל פון גארטען האט א קלאפ געטהאן, און האט דערפיהלט א פלעצליכען וועהטאג; עפעס ווארעמעס איז גערונען איבער זיין קערפער. ער האט זיך אנגעכאפט ביים האלז: א ברייטע וואונד האט זיך געווייקט אין בלוט.

ער האט געשמייכעלט.

אין קאפ א ברייטע טרויעריגע פוסטקייט.

ער איז געגאנגען מיט שטארקע, זיכערע טריט.

— זי ווארט אויף מיר ביים מאָנומענט. — איז איהם דורכ־געלאָפען אין קאָפּ.

ער האָט א מאך געטהאָן מיט דער האנד; געמאכט א ברייטע, אבשטויסענדע בעוועגונג און האָט ווידער געשמייכעלט.

אין זיין נשמה האָט זיך צוגאָסען א שטילע, אונענדליך־בריי־טע פייערליכקייט.

ווען ער איז אהיימגעקומען האָט ער געעפענט דאָס פענס־טער, געזעצט זיך דערביי און אראָבגעקוקט.

אימיצער איז געגאנגען מיט א לאָמטערן איבער'ן פינסטערען הויף.

דאָס ליכט, דאָס בלאָנדזשענדיגע ליכט פון אונטען האָט פארשלונגען זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט.

דער, דער אנדערער, דער ער־אליין, איז ווידער געווען אין צימער. ער האָט געזעהען דאָס פּנים, וואָס איז געווען צונויפגע־קורטשעט פון וועהטאָג און אויסגעקרימט פון שרעקליכען גע־לעכטער.

ער האָט פּערעכטליך געצויגען די אקסלען.

— ווען איך זאָל אפילו האָבען טויזענד אזעלכע שאָטענס מיינע, — וועל איך אלץ אייביג זיין אליין — אייביג אליין...

אגאַ לעבט נישט מעהר.

דאָרטען, דער ליכטיגער פּאַס אויפ'ן הימעל — דאָס איז דער ים, און אונטען די שאַרפע שטיינער פונ'ם געפלאַסטערטען הויף.

ער איז אוועק פון פענסטער און אנגעצונדען א לאָמפּ.

אויפ'ן טיש איז געלעגען א בריעף. ער האָט צוריסען דעם קאָנווערט פון זיין פרוי.

„גאָט נערעכטער! וואָס איז מיט דיר? פארוואָס שרייבסטו גאָרנישט, קיין איינציג וואָרט נישט? איך שטאַרב פון שרעק פאַר דיר."

ער האָט געשמייכעלט און דריי מאָל דעם בריעף געקושט. דערנאָך האָט ער זיך געזעצט אויפ'ן בעט.

פּלוצלונג האָט ער דערפיהלט א בייסענדען וועהטאָג. ער האָט זיך אנגעכאַפּט ביים האַלז.

די וואונד איז געווען אין בלוט. ער איז צוגעגאנגען צום וואַ־סער און האָט זי אויסגעוואשען.

זיין אנצוג איז געווען אין בלוט.

ער האָט זיך אויסגעטהאָן מיט עקעל און זיך געלייגט אויפ׳ן בעט...

און פּלוצלונג האָט ער דערפיהלט ווי עס דערנעהנטערט זיך צו איהם א וואלקען מיט מענשען, וועלכע ער האָט שוין געזעהען אין יענער ערשטער נאכט.

לאנגזאם האָט צו איהם ערגרייכט א גערויש און א קרעכץ, אזוי ווי א טיעפער זיפץ פון א געבעט. אלץ נעהנטער. דאָס ווידער־קול איז געוואקסען, עס איז עהנליך געווען אויף אנ׳אבגעריסען קרעכצענדיג געוויין, אויף דעם גסיסה׳דיגען כריפּען פון מארטי־רער, וועלכע ברענען אויפ׳ן שייטערהויפען. און פּלוצלונג האָט זיך אין דער לופט דערהערט א הירזשען, גלייך עס וואָלט פארבייגעלאָ־פען א מחנה משוגענע פערד. עס האָט איהם געמישט אין מח פון דעם גערויש. די קערפּערס האבען זיך צונויפגעווארפען אין א בארג, וועלכער האָט פארשטעלט דאָס גאנצע צימער, די גאנצע וועלט, — האָט זיך אויפגעהויבען און אראבגעלאָזען אין א גע־דיכטען נעבעל, און אזוי ווי פון א פארשטיקטען גארגעל פון דער גאנצער מענשהייט, האָט זיך פּלוצלונג ארויסגעריסען א לאנגער שרעקליכער געשריי: דע פּראָפונדיס!

און פּלוצלונג איז אויסגעוואקסען א פרוי אין א פּורפּורנעם מאנטעל. זי האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען איבער דער וועלט, אויף איהר פּנים, פארגליווערט פון וועהטאָג, איז פארשטיינערט געוואָרען א טעמפּער, טרויעריגער שמייכעל.

און ער האָט געזעהען ווי דער רויכיגער, ווילדער כאָאָס פון מענשען איז זיך צופאלען, מענשען האבען זיך בעפרייט פון אומ־ארמונגען און צונויפפלעכטונגען, האָבען זיך צוטהיילט אויף בע־זונדערע פיגורען. און ארום דער פרוי האָט זיך גענומען דרעהען א ווירוואר פון מענשליכע פארלעך אין שרעקליכע פיבערהאפטע אומ־ארמונגען.

ער האָט געהערט א הירזשען פון חיות, קרעכצען פון שווערער געבורט; ער האָט געזעהען פּנימער ביז וואהנזין פאר׳שיכור׳טע אין

עקסטאז פון אונמענשליכע בעגעהרען; ער האט געזעהען קערפערם צופרעסען פון סם, בעדעקט מיט עקעלהאפטע וואונדען; און דאר־טען, אונטען, ערגיץ אונטען האט ער געזעהען זיך אליין מיט א פארבלוטיגטען, צוהאקטען שארבען, מיט צונויפגעדריקטע פוים־טען, וואס האבען זיך געווארפען אין גסיסה.

ער האט זיך אויפגעריסען פון בעט.

דער לעצטער געשריי פון ליידען און פערצווייפלונג האט דערגרייכט צו זיינע אויערען און איז פערלאשען געווארען.

זיין מח איז וואהנזיניג געווארען, ער האט זיך אומזיסט בע־מיהט אנצוכאפען א וואסער ס׳איז געדאנק.

א לאנגע צייט איז ער געזעסען אונבעוועגליך.

די ערשטע פריהמארגען־שטראהלען האבען זיך לאנגזאם און פער׳עקשנ׳ט אריינגעגאסען אין דער פינסטערניש פון דער נאכט.

— גאט, גאט, וואו זשע איז אנא! — איז איהם דורכגעלא־פען אין קאפ.

ער האט זיך אבגעשטעלט אין מיטען צימער.

— א! אנא האט זיך בעהאלטען אין גארטען.

זי בעהאלט זיך שטענדיג הינטער יענעם טאפאל.

ער האט שטיל געלאכט און זיך גע׳גנב׳עט אויף די נענעל צום פענסטער.

— איצט דארף מען שטיל עפענען די טהיר פון דער ווערא־נדע, — חע, חע, זי האט זיך בעהאלטען דא הינטער׳ן גארטען... האט זיך בעהאלטען אין ים... איז אליין געווארען א ים...

אבער איך וועל זי געפינען!...

נאר... ששש... טס!... איך קען זי נאך איבערשרעקען...

ער איז ארויפגעקראכען אויפ׳ן פענסטער.

— איך וועל זי געפינען, נאר שטיל, שטיל! אה, אט אט, איך זעה זי, איך זעה...

ער איז געבליבען שטעהן אין פענסטער מיט אויסגעשפרייטע הענד.

ער האט זיך אראבגעווארפען אונטען.

**ע נ ד ע.**

שוין ארוים פון דרוק פאלגענדע ביכער:

# דאס „רויטע צימער"

א סאציאלער ראמאן פון דעם גרויסען סקאנדינאווישען דיכטער

# אויגוסט סטרינדבערג

„ד א ס ר ו י ט ע צ י מ ע ר" בעהאנדעלט אלע פראגען פונ'ם געזעלשאפטליכען לעבען אויף א העכסט קינסטלערישען אופן, ווי נור אזא גרויסער קינסטלער ווי אויגוסט סטרינדבערג קען עס טהאן; דער דיכטער שילדערט פאר אונז מיט רייכע לעבעדיגע פארבען אלע רעגיערונגס און געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס און מיט זיין שארפע קינסטלערישע קריטיק רייסט ער ארונטער די מאסקע פון די קארופטע פיהרער פון די געזעלשאפט און צייגט אונז אויף, ווי אלץ איז פערפוילט, אלט און קארופט.

„ד א ס ר ו י ט ע צ י מ ע ר", האט דער גרעסטער ליטעראטור קריטיקער ג ע א ר ג ב ר א נ ד ע ס געזאגט, איז דאס גרעסטע סאציאלע ווערק וואס איז ווען געשאפען געווארען. דיזער ראמאן האט דעם דיכטער גרויס געמאכט.

„ד א ס ר ו י ט ע צ י מ ע ר" שילדערט פאר אונז יעדען ווינקעלע פון די געזעלשאפט, ווי: רעגיערונג, אינדוסטריע, פילאנטראפיע, טהעאטער, קונסט, ליעבע, ליידענשאפט און אלע אנדערע טענדענצען און פאראורטהיילען פון די געזעלשאפט.

„ד א ס ר ו י ט ע צ י מ ע ר" איז איבערזעצט אין אלע ציוויליזירטע שפראכען און האט געמאכט דעם גרעסטען ערפאלג. איצט איז אויך די אידישע ליטעראטור רייכער געווארען מיט אזא גרויס ווערק ווי „ד א ס ר ו י ט ע צ י מ ע ר".

פרייז — שעהן געבונדען, מיט פארטא 1 דאלאר.

אין זעלבען פערלאג איז נור וואס ערשיענען

# "מיליאנען" פון מ. ארציבאשעוו

דער ראמאן „מ י ל י א נ ע ן" האט געמאכט נאך א גרעסערען רושם ווי „סאנין". דאס ווערק שילדערט אין לעבעדיגע בילדער דאס גאנצע לעבען פון קאפע שאנטאנען ביז'ן פאבריק, מיליאנערען, שריפטשטעלער, קינסטלער און זייער צוזאמענטרעפען זיך מיט די פרויען פון דער „אונטער וועלט". דער ראמאן „מיליאנען" איז שעהן געבונדען. פרייז 60 סענט מיט פארטא.